דיא

# פרוכט פון זינד.

א פסיכאלאָגישע שילדערונג איבער א מערדער.

— פון —

ג. דע מאפאסאן.

בעארבייטעט פון

ד. מ. הערמאלין.

פרייז 10 סענט.

פערלאג פון

דיא היברו פאַבלישינג קאָמפּאַני,

83־85־87 קאנאל סטריט, ניו יארק.

Published by

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,

83-85-87 Canal Street, New York.

1906.




# דיא פרוכט פון זינד.

---

## ערשטעס קאפיטעל.

דער בריעף־טרעגער מעדעריק ראמפעל, וועלכער איז געוועזען בעקאנט בייא דיא איינוואהנער פון דער אומגעגענד, אלס מעדערי, איז אוועק גאנץ פריה, צו דער געהעריגער צייט, פון דעם הויפט־פאסט־אמט אין רואי־לא־טאר.

אין זיין גרויסער לעדערנער טאש זיינען געוועזען איינגעפאקט אלע בריעף וויא אויך קליינע רעקעלעך, וועלכע ער האט בעדארפט אין יענעם טאג פער־טהיילען.

מעדעריק איז געוועזען, שוין זייט א פאאר יאהר, דער בריעף־טרעגער פון דעם שטעטעל ווילאם, אין פראנקרייך, און ער האט בעדארפט געהען יעדען טאג א היבשע שטרעקע פון דעם הויפט־פאסט־אמט ביז נאך ווילאם. איבער'ן וועג האט ער געמוזט פאסירען נעבען דעם געהענדען טייך ברודיל, וואס האט געפיהרט אין דארף קארוועלין, וואו ער האט אויך בעדארפט אויסטהיילען בריעף.

אהנע פיעל צייט צו פערזאמען, איז ער ארויס אויף דער שטראסע און דאן באלד אויף'ן פרייען פעלד, און אין א קורצער צייט האט ער געגרייכט דעם טייך, וועלכער איז זיך געלאפען רעגעלמעסיג ברויזענדיג מיט זיינע כוואליעס.

נעבען דעם טייך זיינען געוועזען שטיינער, קליינע טהאלען און זאמד־בעטען, וואס דאס וואסער פלעגט אנווארפען, און דאס האט אביסעל געהינדערט זיין שנעלען גאנג. אויף מאנכע פלעטצער זיינען אויך געוועזען קליינע גריבער מיט וואסער, וועלכע דאס לאנגע גראז האט צוגעדעקט, אבער מעדעריק איז שוין געוועזען אזוי געוואהנט אין יענער געגענד, אז ער האט געוואוסט ענטוועדער וויא אויסצו־מיידען אזעלכע פלעטצער, אדער אריבער שפרינגען אונגעשטערט.

דאן איז ער אריין אין דעם קליינעם אבער ליעבליכען וואלד, וועלכער האט זיך אויסגעברייטעט מיט זיינע דיקע און אלטע בוימער איבער א היבשע שטרעקע.

דיא צווייגען זיינען געווען אלע אנגעקליידעט אין רויער זומערדיגע אוניפארמע פון גרינע צווייגען, און דא און דארט, האבען פייגעלעך געזונגען זייערע מארגען־ליעדער, וועלכע האבען אבגעקלונגען מיט א מעלאדישער טאקטמעסיגקייט אין דער פרייער און פרישער לופט.

עס איז געווען א הערליכעס נאטור־בילד, נאר מעדעריק האט קיין זאך געזעהען. בייא איהם אין קאפ איז בלויז געלעגען דער איינציגער געדאנק פון זיין אמט־פליכט, וויא אזוי אויסצוטהייל דיא בריעף.

„דעם ערשטען בריעף,‟ האט ער געמורמעלט צו זיך אליין, „דארף איך אבגעבען אין הויז פון מאנסיע פאאווראן. דאן קום איך צו רעם רייכען מאנסיע רענארדעט. פון דארט וועט עס שוין געהען רעגעלמעסיג.‟

זיין בלויע אוניפארמע האט געשוועבט שנעל צווישען דיא בוימער און זיך אלץ מעהר דערנעהנטערט צו דער בריק וואס האט איהם בעדארפט אריבער פיהרען איבער דער ברונדילל. דאס איז גראדע ניט געווען קיין בריק, זאנדערן בלויז א לאנגעס שטיק האלץ איז געלעגען אויף איין ברעג און איבערגעקרייצט דאס וואסער ביז צום אנדערן ברעג.

דיעזער וואלד ארום דער ברונדילל, האט געהערט צו דעם רייכען נוטס־בעזיטצער מאנסיע רענארדעט, און עס האט בעדארפט דויערן אונגעפעהר א האלבע שטונדע ביז מען זאל איהם דורכקרייצען.

מעדעריק איז ניט געווען מיעד פון זיין גאנג, אבער פערשוויטצט. עס איז שוין געווען רעכט ווארעם אבוואהל דיא זונן איז ניט לאנג אויפגעגאנגען. אין מאנאט יולי איז אימער דארט זעהר הייס. ער האט דערפאר געמוזט ארונטער נעהמען זיין היטעל און מיט דעם ארבעל פון זיין בלויען ראק, האט ער זיך אבגעווישט דעם שווייס.

ער האט זיך דאס היטעל נאר וואס צוריק אנגעצויגען, אלס ער איז פלוצלינג געבליעבען שטעהן נעבען א בוים, וואו איינינע נעגענשטענדע האבען צוגעצויגען זיין אויפמערקזאמקייט. ער האט בעמערקט אויף'ן גראז ליעגענדיג א קליינעס טאשענ־מעסער'ל, וואס קינדער טראגען מייסטענטהיילס. ווען ער האט זיך אנגעבויגען דאס אויפצוהייבען, האט ער אויך דערזעהען א פינגערהוט, און מיט א פאאר שריט ווייטער, איז געלעגען א נאדעל־טעשעל.

ווען ער האט דיעזע זאכען אויפגעהויבען, האט ער זיך געטראכט:
„איך וועל דאס אלעס איבערלאזען בייא מאנסיע רענארדעט.‟

אזוי דענקענדיג האט ער אָנגעפאנגען ווייטער צו געהן. אָבער ער איז ווידער געבליעבען שטעהען, גלייך וויא דאס הארץ וואָלט איהם געזאגט, ער זאָל ווייטער זוכען און ער וועט נאך עפּעס געפינען.

ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און געקוקט ארום זיך ווייטער. פּלוצלינג איז ער געבליעבען שטעהען און זיין גאנצער קערפּער האט אויפגעציטערט וויא אין א שרעקליכעס פיעבער. ער האט אויך ניט געקענט ווייטער געהען; זיינע פיס זיינען וויא צוגענעגעלט געוואָרען צו דער ערד.

דיא אורזאכע איז געווען פאָלגענדע: מיט א צעהן שריט ווייטער, איז געלעגען, אויף'ן גראָז, דער פאָלששענדיגער נאקעטער קערפּער פון א קינד.

עס איז געווען דער קערפּער פון א מיידעל, וועלכע האט געקענט אלט זיין א יאָהר צוועלף אָדער עפּעס מעהר.

זיא איז געלעגען אויף'ן רוקען מיט דיא הענד און פיס צושפּרייט. אביסעל פערטריקענטעס בלוט האט זיך געוויעזען אויף דעם ניעדריגען טהייל פון איהר קערפּער, און איהר געזיכט איז געווען בעדעקט מיט א האנד-טיכעל.

מעדעריק האט ענדליך געפאסט מוטה און אָנגעפאנגען צו צוקומען נעהנטער. ער איז געגאנגען אויף דיא שפּיטץ פינגער, גלייך וויא ער וואָלט מורא געהאט, אז ער וועט יעמאנדען אויפוועקען אָדער שטערען. זיינע אויגען זיינען געווען שטארק אויפגעריסען מיט ערשטוינען און שרעק.

„וואס זאָל דאס זיין?“ האט ער זיך געפרעגט, „זאָל זיא שלאָפען? יא, יא, געוויס, זיא שלאָפט!“

דאן האט ער אָנגעפאנגען זיך צו ערקלערען, אז אזא קינד, איבערהויפּט גאנץ נאקעט, וועט זיך ניט לייגען שלאָפען גאנץ פריה אויף'ן גראָז אין מיטען וואַלד.

„זיא איז טויט!“ האט ער געמורמעלט, „און איך זעה דאָ פאר מיר דיא טהאט פון א מערדער!“

בייא דיעזער אידעע איז געלאָפען איבער זיין לייב איין אייז־קאלטער שווידער, אונגעאכטעט דארויף וואס ער איז געווען א סאָלדאט און געשמעקט פולווער אין דער מלחמה.

א מאָרד און נאך דערצו א קינדער־מאָרד, איז געווען אזא זעלטענהייט אין יענער רוהיגער געגענד, דאס ער האט זיך זיינע אייגענע אויגען ניט געוואָלט טרויען.

אָבער עס איז דאָך געווען א טהאַטזאַכע.

דאס ערמאָרדעטע קינד האט קיין איינציגע וואונדע געהאט, אויסער דאס ביסעל בלוט וואס האט געקלעפּט צום ניעדריגען טהייל פון איהר קערפּער.

„וויא אזוי האט מען זיא ערמאָרדעט ?“ האט זיך מעדעריק געפרעגט.

גאַנץ נאהענט נעבען איהר איז ער געבליעבען שטעהען, און אָנגעלעהנט אויף זיין שטעקען, האט ער בעטראַכטעט דאס טויטע־קינד.

„געוויס קען איך זיא,“ האט ער זיך געטראַכט, „ווייל איך קען יעדעס קינד פון דער אומגעגענד.“

אָבער אזוי וויא ער האט איהר געזיכט ניט געקענט זעהען, האט ער ניט גע־קענט וויסען איהר נאמען. ער האט געקוקט אויף דעם האנד־טיכעל וואס האט צוגעדעקט איהר געזיכט, און ער האט עס געוואָלט אויפהייבען. ער האט זיך אָבער באַלד צוריק געהאלטען.

ער האט זיך דערמאָהנט, אז ער, אלס פּריוואַט מענש, האט קיין רעכט זיך אריינצומישען מעהר וויא נעטהיג, אין אזא זאַך, איידער דיא פּאַסענדע בעאַמטע האבען געמאַכט דיא נעטהיגע אונטערזוכונג.

ער האט זיך פאָרגעשטעלט דיא בעאַמטע פון דער גערעכטיגקייט, וויא א גענעראל וואס וויים אלעס, און ער ענטדעקט גראדע אזוי גוט א פערלוירענעם קאָפּ וויא א שטאָך מיט א מעסער אין בויך.

אונטער דיעזען טאשענטוך, האט ער זיך געטראַכט, וועלכעס בעדעקט דאס געזיכט פון דער טויטער, געפינט זיך פּאָזיטיוו עפּעס א בעווייז וואס וועט שוין נאכהער פיהרען אויף דער שפּור פון דעם מערדער.

ער האט דאן געפּאַסט א פעסטען בעשלוס: ער מוז זאָפאָרט געהן צו דעם רייכען גוטס־בעזיטצער רענאַרדעט און איהם אָנזייגען איבער זיין ענטדעקונג. אָבער וויא ער האט זיך נאָר געוואָלט אָבווענדען צו געהען, איז איהם אריין א גע־דאנק אין קאָפּ.

„פיעללייכט לעבט זיא נאך ?“ האט ער זיך זעלבסט געפרעגט. „ווען זיא לעבט, דאן איז מיין פליכט זיא ניט צו פערלאָזען !“

גאַנץ פאָרזיכטיג האט ער געמאַכט א שריט פאָרווערטס, ניעדערגעקניעט און אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האנד, מיט וועלכער ער האט בעריהרט איהר נאַקעטען פוס.

דער פוס איז געווען קאלט ווי א אייז — ער האט אין זיך בעזעסען יענע קאלטקייט, וואס טויטעט פלייש בעזיטצט, און צייגט פאזיטיוו, אז יעדער צייכען פון לעבען איז פערשוואונדען.

דער בריעף־טרעגער, לויט וויא ער האט שפעטער דערצעהלט, האט גע־פיהלט, וועהרענד דער בעריהרונג, אז זיין הארץ איז געבליעבען שטיל און דאס שפייעכץ אין זיין מויל האט זיך אויסגעטריקענט.

ענדליך האט ער געפאסט מוטה, אויפגעשפרונגען פון דער ערד, און אנגע־פאנגען צו לויפען אזוי שנעל וויא זיינע פיס האבען איהם געקענט טראגען, אין דער געגענד פון מאנסיע רעגארדעט.

דיא שווערע לעדערנע בריעף־טאשע האט איהם אפילו געשטערט, אבער ער האט זיך אנגעשטרענגט קיין אויגענבליק צו פערזאמען.

## צווייטעס קאפיטעל.

דיא וואהנונג פון דעם רייכען גוטס־בעזיטצער ענארדעט איז געשטאנען אקוראט ביים ענדע פון וואלד. דער וואלד האט אויסגעזעהען וויא א ריעזיגער גארטען צוגעבויעט ספעציעל צו זיין שעהנער וואהנונג. אפילו דער טייך ברונדילל האט אויך געמאכט דעם איינדרוק, אז זיא איז דארט איינגעריכטעט געווארען נאר צוליעב רעגארדעט׳ס הויז.

דיא געביידע איז געווען גרויס און פיער־עקיג, עררויכטעט פון אור־אלטע גרויסע שטיינער. עס איז קיין צווייפעל געווען, אז דיעזע מעכטיגע געביידע, האט ניט נאר איינמאל, אין דער פערגאנגענהייט, געדיענט אלס פעסטונג פיר בע־לאגערטע, און פון אויבען, דאס הייסט, פון דעם הויכען טהורם האבען דיא בע־לאגערטע געווים ארונטער געשליידערט טויטע און פערדערבען איבער זייערע אנגרייפער.

דער טהורם איז געווען עטוואס איבער 20 מעטער הויך און געבילדעט א גוטען פלאטץ פיר פערטהיידיגונג. איבריגענס איז עס אויך מעגליך, אז דער טהורם איז אויך ספעציעל געבויעט געווארען אום פון דארט קריעג צו פיהרען.

שטעהענדיג אויף דיעזען טהורם, האט מען גאנץ גוט געקענט זעהען דיא גאנצע שעהנע געגענד ארום. דער טהורם האט זיך גערופען דער פוקס־טהורם, אהנע מען זאל וויסען דיא גענויע אורזאכע ווארום.

 d

פון דעם טהורם, האט מען בעהויפטעט, האט שוין אויך געשטאמט דער נאמען רענארדעט.*) דיזע פאמיליע האט שוין דארט געוואהנט זייט דיא לעטצטע 200 יאהר, נאר עס איז זיכער געווען, אז ניט דער טהורם הייסט נאך דער פאמיליע, זאנדערן דיא פאמיליע רופט זיך נאך דעם טהורם. דאקומענטען האבען עס דייטליך בעוויעזען, אז נאך פאר דער צייט האט זיך דער טהורם גערופען פוקס־טהורם.

אבער וויא דיא זאך איז, האבען ניט פיעלע דאריעבער געוואוסט, און דיא פאמיליע רענארדעט האט זעהר שטאלצירט אויף איהר אלטען נאמען, און אין דער געגענד זיינען זייא געווען פעררעכענט אלס עדעל־לייט, וועלכע האבען א טיכטיגען אנטהייל גענומען אין דער געגענד, נאך איידער דיא רעוואלוציאן איז פארגעקומען אין דיא פראווינצען.

אלזא, צו דיעזער אלטער אבער מעכטיגער געביידע, איז דער בריעף־טרעגער צוגעלאפען שטארק פערסאפעט, און איז אריין אין קיך, וואו מען איז גראדע געזעסען ביים עסען.

ער האט אויסגערופען:

„איז מאנסיע רענארדעט שוין אויפגעשטאנען? זאגט מיר וואו ער איז, וויל איך מוז מיט איהם זאפארט רעדען!“

יעדער האט געוואוסט, אז מעדעריק איז געווען א וויכטיגע פערזענליכקייט, און דערצו א מענש וואס בעלאנגט צו דער רעגיערונג. מען האט אלזא באלד פערשטאנען, לויט נאך זיין אויפטריט, אז זעהר וויכטיגעס האט פאסירט.

איינער פון הויזגעזינד האט זיך גלייך אויפגעהויבען פון נעבען טיש און איז אריין צו מאנסיע רענארדעט און איהם מיטגעטהיילט איבער דעם בריעף־טרעגער׳ס אויפרעגונג, וועלכער פערלאנגט מיט איהם זאפארט צו רעדען.

„זאל ער אריינקומען,“ האט מאנסיע רענארדעט בעפוילען אהנע אויסצוזעהן שטארק פעראינטערעסירט.

דער בריעף־טרעגער, בלייך און אטהעמדיג שווער, מיט דעם הוטעל אין דער האנד, איז ערשיענען אין רענארדעט׳ס שרייב־צימער, וואו רענארדעט איז געזעסען נעבען א טיש פערלעגט מיט גרויסע הויפענס פאפירען.

---

*) א פוקס הייסט אין פראנצויזיש Renard, און Renardet הייסט א פיקסעל. דער איבערזעטצער.

רענארדעט איז געווען א דיקער, גרויסער און שטארקער מאן; עטוואס צו לאנגזאם אין זיין בעוועגונג און רויט אויף זיין געזיכט. אונטערדעסען איז ער געווען בעקאנט אין דער גאנצער געגענד פאר א ריעזען שטארקען מענשען, און מען האט נאכדערצעהלט, אז ער האט געקענט פערטומלען איין אָקס פון זיינעם א פויסט־שלאג. טראָטץ דעם אלעמען אָבער, איז ער געווען זעהר א גוטער מענש און יעדער האט איהם ליעב געהאט.

ער איז אלט געווען א יאָהר פערציג און איז געווען איין אלמן זייט 6 מאָנאט. ער האט געלעבט וויא פיעלע אנדערע גוטס־בעזיטצער, אויף זיין לאנד און דאס אליין פערוואלטעט.

אין זיינע איננגערע יאָהרען, איז ער אמאל געווען זעהר איין אויפגערעגטער מענש. פאר א קלייניגקייט האט זיין בלוט אויפגעקאָכט און וועה דעם, וואס איז איהם דאמאלס געשטאנען אין וועג. ער האט ניט נאָר איין מענשען געמאכט פאר א קאליקע אין זיין יוגענד, אָבער דיא מענשליכע נאטור ענדערט זיך. און מיט דיא עלטערע יאָהרען, איז אויך געקומען בערוהיגונג, אָבער אנשטאט דעם וואס ער האט זיך שוין ניט בעדיענט מיט זיין קערפערליכע קראפט, האט ער אויסגעניטצט זיין גייסטיגע פעהיגקייט און זיך געשטירצט אין דער פאָליטישער וועלט, וואו ער איז געוואָרען א גאנצער תקיף.

זאָנסט איז מאָנסיע רענארדעט געווען א גאנץ אנשטענדיגער בעל־הבית, א גוטער ברודער און א גאנץ עהרליכער מענש.

ווען ער האט ערבליקט דעם בריעף־טרעגער, האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען, און אין א גאנץ פריינדליכען טאָן, האט ער געפרעגט:

„וואס איז נייעס, מעדעריק, וואס האט פאסירט?“

„אי.... איך....“ ווייטער האט ער ניט געקענט רעדען.

רענארדעט האט ארויס גערוקט זיין שטוהל און אויסגעזעהען זיך מעהר צו פעראינטערעסירען.

„בערוהיגט זיך, מעדעריק,“ האט ער געזאגט, „און דערצעהלט מיר.“

רענארדעט האט אויסגעזעהען זיך צו וועלען אליין בערוהיגען וועהרענד ער האט דיעזע ווערטער געשפראָכען.

„אין וואלד, אין אייער וואלד,“ האט מעדעריק ארויס געשטאמעלט, „האב איך געפונען א מיידעל ערמאָרדעט.“

רענארדעט'ס געזיכט איז נאך רויטער געוואָרען וויא געוועהנליך, און זיך בעהערשענדיג, האט ער געפרעגט, אזוי רוהיג וויא נאָר מעגליך פאר איהם:

„וואס זאגט איהר? א קליינע מיידעל? ערמאָרדעט? וואו? אין וואלד?"

„יא, מאָנסיע, אין וואלד. א קליינע מיידעל, זיא איז מוטער־נאקעט; זיא ליעגט אויף'ן רוקען בעפלעקט מיט בלוט, טויט, ערמאָרדעט."

רענארדעט האט נאכגעדענקט, דאן האט ער אויסגעזעהען מוטה צו פאסען און אויסגעשריען אין איין אונגעוועהנליכען מונטערן טאָן:

„צום טייפעל! איך וועט, אז איך וייס ווער זיא איז! דאס מוז זיין דיא קליינע ראָקע! אָט האט מען מיר נאָר וואס מודיע געווען, אז זיא איז פערשוואונדען געוואָרען זייט געסטערן אבענד. און זייט דאמאלס, האט זיא נאך ניט צוריק געקעהרט צו איהר מוטער. אָבער ערמאָרדעט? טויט? ווער האט זיא געקענט ערמאָרדען? דאס איז מערקווירדיג. וואו זאגט איהר, האט איהר זיא געפונען? דאס הייסט, וואו ליעגט זיא יעטצט?"

דער בריעף־טרעגער האט גענוי אָבגעשילדערט און בעצייכענט דיא שטעלע מיט אלע איינצעלהייטען וואס ער האט ענטדעקט. צום שלוס פון דיעזער שילדערונג, האט עס אויסגעזעהען, אז דער בריעף־טרעגער האט גערעכענט, אז רענארדעט האט איהם ניט גוט פערשטאַנען, און אנשטאט צו טרעפען אויף'ן ריכטיגען פלאטץ, וועט ער גאר בלאָנדזשען.

„ווען איהר ווילט," האט ער געזאגט, „וועל איך אייך בעגלייטען ביז אהין."

רענארדעט האט וויעדער נאכגעדענקט, דאן האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען און בעטראכט מעדעריק'ס געזיכט.

„ניין, ניין, ניט נעטהיג," האט ער געזאגט. „דער וואלד איז מיר בעקאַנט וויא מיין הויז. אייער בעצייכנונג איז א גאַנץ גוטע; איך וועל שוין טרעפען אהין. איך האב גאַנץ גענוי בעגריפען אייער בעצייכנונג. דאן זעה איך, אז איהר האט נאך בריעף צום פערטהייל'ן. איהר טאָרט אייער אמט־פליכט ניט פערנאַכלעסיגען. געהט זיך געזונדערהייט צו אייער ארבייט. נאָר זייט אזוי גוט, געהענדיג מיט'ן וועג, זאָלט איהר מיר צושיקען דעם הויפט־וועכטער און דעם שרייבער פון דער סוב־פרעפעקטור. נו, געהט שוין, שטעהט ניט, אזא זאך דארף מען ניט פערנאַכלעסיגען. זאגט דיא הערען בעאמטע, אז זייא זאָלען געהען דורך'ן וואלד גלייך מיט דער ברונדילל, און זייא וועלען מיך שוין געוויס טרעפען."

דער בריעף־טרעגער, געוואָהנט צו בעפאָלגען אויפטרעגע, האט זיך געזעגנט און איז אוועק דורכצופיהרען וואס רענאַרדעט האט איהם געזאגט.

„מיר האבען פערנאכלעסיגט פריהער מיטצוטהיילען אז מאָנסיע רענאַרדעט האט אויף זיינע גיטער און אין זיינע דערפער, פערשפארט דער רעגיערונג פיעלע הוצאות. ער האט ניט צוגעלאָזען קיין בירגערמייסטער מיט א גאנצער מחנה בע־אמטע, זאָנדערן, ער אליין איז געווען דער הויפט־פיהרער, דער הויפט־בעאמטער, און נאָר געהאט אונטער זיך וועכטער׳ס און שרייבערס אום צו בעזאָרגען אלע נעטהיגע ארבייטען פיר דער רעגיערונג. דיא אינספעקטאָרס וואס פלעגען פון צייט צו צייט אריינקומען, האבען אויך אימער אלעס געפונען אין בעסטען אָרדנונג.

ווען דער בריעף־טרעגער איז אוועק, האט זיך מאָנסיע רענאַרדעט באלד אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, אריין אין צווייטען צימער, וואו ער האט זיך אָנגע־טהאָן זיין הוט, דאן איז ער צוגעגאנגען צו דער טהיר וואו ער איז געבליעבען שטעהן אויף דער שוועל עטליכע סעקונדען.

ער האט געבליקט ארויס אין דרויסען, אויף דער וועראנדא, וואס איז געוועז בעוואקסען מיט אלערלייא קאָלירטע בלומען.

אביסעל ווייטער, רעכטס, האט אָנגעפאנגען דער וואלד מיט זיינע הויכע בוימער, און לינקס, איבער דער ברינדילל, איז געלעגען א גרויסעס און פלאכעס פעלד, וואו עס האט געוואקסען, קאָרן, ווייץ און אנדערע ברויט־פראָדוקטען.

אין מיטען, דאס הייסט, צווישען דעם וואלד און דאס פלאכע ברייטע פעלד, איז געלעגען דאס דאָרף, וואס איז געוועז בעפעלקערט מיט בהמות־ערציהער.

וויא מיט געמאָסטענע שריט, אזוי איז רענאַרדעט אריעבער דיא שוועל, ארויף אויף דער וועראנדא, און פון דאָרט האט ער לאנגזאם ארונטער געשטיעגען דיא טרעפען. דאן איז ער ארויף אויף׳ן פעלד און אָנגעפאנגען עטוואס שנעלער צו געהען נעבען ברעג פון דער ברונדילל, האלטענדיג זיינע הענד געשלאָסען אויף׳ן רוקען.

ער איז אָבגעגאנגען עטליכע שריט, האלטענדיג דעם קאָפּ טיעף געבויגען צו דער ערד, דאן האט ער זיך אומגעווענדעט, גלייך וויא ער האט שוין ערווארטעט צו זעהען דיא מענשען, וועלכע ער האט געשיקט רופען. אָבער קיינער איז נאך ניט ערשיענען.

וויא ער איז ארונטער געקומען אין שאטען פון דיא בוימער, איז ער גע־בליעבען שטעהען, ארונטער גענומען זיין הוט פון קאָפּ און זיך אָבגעווישט דעם

שוויס פון שטערן, וועלכער איז געוועזן אזוי נאס, גלייך וויא ער וואלט ארויס גע־קומען פון א וואסער.

דאן איז ער געגאנגען ווייטער, אבער ער איז נאך אמאל געבליבען שטעהען און נאך א פאאר סעקונדען איבערדענקען, איז ער צוריק געגאנגען און זיך ווידער אבגעשטעלט גאנץ נאהענט צו דער ברונדילקלע, וואו דאס קלארע וואסער האט געפלאסען נעבען זיינע פיס.

ער האט ארויסגעצויגען זיין טאשענטוך, דאס גוט איינגענעטצט אין וואסער, ארונטער גענומען דעם הוט, און מיט דעם נאסען טאשענטוך האט ער זיך ארום געוויקעלט דעם קאפ, דאן האט ער זיך ווידער אנגעטהאן דעם הוט.

דיקע וואסער־טראפען זיינען געלאפען איבער זיינע שלייפען און זיך אבגע־שטעלט נעבען זיינע פייער־רויטע אויערן. אנדערע זיינען געלאפען איבער זיין שטערן, איבער זיין מעכטיגען ברייטען האלז און איינגענעטצט זיין קראגען פון העמד.

פלוצלינג האט ער וויא אויפגעציטערט פאר שרעק. וויא א געניטער יעגער'ס הונד, האט ער אויפגעשטעלט זיינע אויערן און זיך גוט צוגעהערט. ער האט זיך אומגעוועגדעט, אבער ער האט קיינעם ניט געזעהען.

דאן האט ער אויסגעשריען:

„הא; ווער איז דארט?"

א שטימע האט געענטפערט.

„הא! הא!"

באלד נאכדעם איז ערשיענען דער דאקטאר.

דער דאקטאר איז געוועזן א קליינער און מאגערער מענש, און ער האט אמאל געדיעט אין דער ארמעע אלס מיליטער־ארצט. אין דער גאנצער געגענד ארום, האט ער געטראגען א נאמען, אלס זעהר א פעהיגער מאן אין זיין פאך. צור צייט וואס ער איז געוועזן אין דער ארמעע, האט ער אויך מיטגעמאכט א קריעג, און א שונא פון דעם קוגעל האט איהם געטראפען אין א פוס, פון וועלכען ער איז געבליבען הינקענדיג. ער האט דערפאר געטראגען א שטעקען אום זיך צו פערלייכטערן זיין גאנג.

עס האט ניט פיעל געדויערט און דער אויבער־וועכטער מיט דעם שרייבער זיינען אויך אנגעקומען. עס האט זיך ארויס געוויעזען, אז אבוואהל מען האט דעם דאקטאר ספעציעל ניט גערופען, איז ער דאך געקומען אליין, נאכדעם וויא דער שרייבער האט איהם דאריבער מיטגעטהיילט.

אלע זיינען געקומען האלב געהענדיג און האלב לויפענדיג. יעדען׳ס געזיכט האט אויסגעדריקט שרעק און איבערראשונג, און אויף יעדען׳ס ליפען איז געלעגען דיא פראגע:

„וואס האט דא פאסירט?"

נאר אזוי וויא מען האט שוין געקענט גאנץ גוט מאנסיע רענארדעט און זיין פינקטליכקייט, האט מען ניט געוואגט צו פרעגען, זאגדערן אבווארטען און זעהען וואס וויטער וועט זיין.

בייא דער ערשיינונג פון דיעזע מענער, האט שוין רענארדעט אויסגעזעהען גאנץ רוהיג און געלאסען. ער האט זיך פריהער געווענדעט צום ארצט.

„ווייסט איהר שוין וואס דא האט פאסירט?" האט ער איהם געפרעגט.

„ניט גאנץ גענוי."

„האט איהר גאר ניט געהערט?"

„יא, איך האב געהערט, אז דער בריעף־טרעגער מעדעריק האט געפונען א טויטע מיידעל דא אין וואלד."

„ריכטיג."

„אבער ווער און וואס ווייס איך נאך ניט."

„גראדע אזוי איז דער פאל מיט מיר. נאר דערפאר זיינען מיר דאך דא אום אויסצוגעפינען. זייט איהר בערייט מיטצוגעהען, דאקטאר?"

„יא."

„איהר וועט מיר ענטשולדיגען אין מיין איבערראשונג וואס איך האב אייך פערגעסען ספעציעל צו רופען."

„עס שאדעט ניט," האט דער דאקטאר געזאגט.

„נו, ווירקליך, ווען האבען מיר דאס געהערט אין דיעזער געגענד פון א מארד?"

„דאס איז וואהר."

„נאר יעדענפאלס, וועלען מיר קיין צייט פערלירען און זעהען וואס עס איז צו טהון. מיר געהען אלזא."

אלע 4 מענער האבען אנגעפאנגען צו געהען. דאקטאר לאבארבי אבוואהל הינקענדיג, איז ער אבער דאך געוועזען פאראויס, און נאך איידער מען האט צייט געהאט ווידער אנצופאנגען א געשפרעך, האט ער אויסגערופען:

„דארט איז זיא!"

דער דאָקטאָר האט געהאט גוטע אויגען, דען מיט א היבשע שטרעקע דער־ווייטערט, אונטער דיא בוימער, האט מען בעמערקט עפעס א ווייסען אדער העללען געגענשטאנד. ווען דיא מענער וואָלטען ניט ספּעציעל געגאנגען זוכען א טויטען קערפּער פון א מיידעל, וואָלטען זייא פּאָזיטיוו פון אזוי וויים גאר ניט גערענקט, אז דאָרט געפינט זיך א טויטע פּערזאָן. דער געגענשטאנד האט אויסגעזעהען גלענצענד און אזוי וויים, דאס מען האט גיכער געקענט מיינען, אז דאָרט ליגט עפעס איין אוועק־געוואָרפענעס שטיק וועש. דיא אורזאכע דערפון איז געווען, וואס א זונענשטראהל האט זיך דורכגעבראָכען צווישען דיא דיקע צווייגען און האט העלל בעלייכטעט דאס בלאַסע לייב פון דער טויטער.

וויא מען האט אָנגעפאנגען נעהנטער צוצוקומען, האט מען שוין בעסער גע־קענט אונטערשיידען דיא פאָרמע און געשטאלט פון א קערפער. דאן האט מען בעמערקט דעם קאָפּ וואס איז געווען געווענדעט צום וואסער, אוןביידע הענד זיינען געווען וויים אויסאנאנדער געשפּרייט.

„מיר איז שרעקליך ווארעם,“ האט רעגארדעט בעמערקט און איז אויך געווען דער ערשטער צום רעדען.

וועהרענד דיא אנדערע זיינען געגאנגען פאָרווערטס, האט ער זיך צוגעבויגען צום וואסער פון דער ברונדיללע און זיך ווידער איינגעגעטצט זיין טאשענטוך, און זיך נאך אמאל ארום געהיעלט זיין קאָפּ און שטערען.

דער ארצט איז געווען דער ערשטער שנעלער צוצוגעהען צום קערפער און ער האט אויסגעזעהען מעהר פעראינטערעסירט וויא דיא אנדערע. וויא ער איז נאָר צוגעקומען צו דער לייכע, האט ער זיך אָנגעבויגען צו מאכען איין אויבערפלעכליכע אונטערזוכונג, אָהנע דאס צו בעריהרען.

א דאָקטאָר בלייבט א דאָקטאָר. ערבליקענדיג דיא לייכע, איז יעדע אנדערע אינטערעסע בייא איהם פערשוואונדען און ער האט אין זינען געהאט זיין פּראָ־פעסיאָן. ער האט זיך לאנגזאם אָנגעטהאָן דיא ברילען, און וויא איינער וואס בע־טראכט א קוריאָזיטעט, האט ער געקוקט אויף דעם טויטען קערפער.

אָהנע אויפצושטעהען, האט ער בעמערקט:

„דאס איז קלאָר וויא דער טאָג, אז דאָ איז געווען א דאָפּעל־פערברעכען: פערגוואלטיגונג און מאָרד. דאס וועט זיך באלד ארויס ווייסען נאך א פּראקטישער אונטערזוכונג. דאס מעדכען איז שוין איבערהויפּט א פאָלקאָמענעס פרויענצימער. זעהט נאָר וואס פאר א גרויסען און ענטוויקעלטען בוזים זיא האט.“

דיאביידע, ציעמליך גרויסע ברוסטען, זיינען געלעגען, וויא נאכהיינגענדיג, דורך דעם טויט, איבער ביידע זייטען פון דעם ברוסט־קאסטען.

דער ארצט האט גאנץ פארזיכטיג ארונטער גענומען דאס טאשענטוך וואס האט בעדעקט דער טויטער'ס געזיכט.

דיא גאנצע הויט פון געזיכט, האט אויסגעזעהען שרעקליך און גאנץ שווארץ. דיא צונג האט ארויס געהאנגען פון מויל. דיא אויגען וויעדער האבען אויסגעזעהען גלייך וויא זייא האבען געוואלט ארויס שפרינגען, און דאן האט זייא עפעס גע־שטערט און פעראורזאכט זייא זאלען בלייבען שטעהען אויף זייער פלאטץ.

דער ארצט האט זיך גוט צוגעקוקט, און געמורמעלט וויא צו זיך אליין:

„בייא גאט! דער שופט האט זיא דערווארגען, ועהרענד ער האט זיא געשענדעט."

נאכדעם האט ער גוט בעטראכט דעם האלז און וויטער בעמערקט:

„דער מארד אין געשעהן אהן איין אינסטרומענט, בלויז מיט דיא הענד האט מען זיא דערווארגען. און דער מערדער איז געוועזן א מעכטיגער קערל. ער האט זיך ניט געפלאגט צופיעל, און ערשפארט אייגצוגראבען זיינע נענעל, אום צוריק צו לאזען א שפור. יא, יא, קוקט זיך גוט צו, אבוואהל אזוי פערענדערט, דער־קען איך זיא דאך, עס איז דיא קליינע ראקע!"

בייא דיעזע ווערטער האט ער דאס טאשענטוך פארזיכטיג צוריק געלעגט אויף איהר געזיכט.

„איך האב דא, גלויב איך," האט דער ארצט געזאגט, ניט מעהר וואס צו טהון. זיא איז טויט ווייניגסטענס שוין זייט 12 שטונדען. נאך מיינער אנזיכט, דארף מען דאריעבער זאפארט מעלדען אין געריכט."

רענארדעט איז שוין געשטאנען נעבען איהם, האלטענדיג דיא הענד אויף'ן רוקען און אויפמערקזאם בעטראכטענדיג דיא פערגלאצטע אויגען פון דער טויטער וואס איז געלעגען אויסגעשטרעקט אויף'ן גראז.

דאן האט ער רוהיג בעמערקט:

„דאס הייסט א שופט! אפילו דיא קליידער האט ער איהר אוועק גענומען. מען דארף דאך זעהן ווייניגסטענס זיא זאל ניט ליעגען נאקעט. וואו קענען זיין דיא קליידער? מען מוז זייא אויפזוכען?"

דער דאָקטאָר האט זיך דאן נאך אמאל צונעבויגען, בעטאפט דיא הענד, דיא אָרעמס און דיא פיס, און בעמערקט:

„עס שיינט מיר, אז דאס מיידעל האט זיך דאָ געבאָדען. עס איז מעגליך, אז זיא איז אריינגעגאנגען זיך באָדען, נאכדעם וויא זיא האט גאר קיין אהנונג גע־האט וואס עס ערווארטעט זיא. ווען עס איז אזוי, דאן מוזען זיין איהרע קליידער אירגענדוואו דאָ אין דער געגענד. ווירקליך, מען דארף זייא זוכען און מען וועט זייא געפינען."

רענאָרדעט האט בעפוילען זיך ווענדענדיג צום שרייבער:

„דוא, פּרינספּ, זאָלסט זוכען דיא קליידער אין דער געגענד נעבען וואסער. זוך גוט, אַרום און אַרום."

דאן צום וועכטער:

„און דוא מאקסים, געה שוין אוועק נאך רוא־לאַ־טאָר און רוף מיר אהער זאָפּאַרט דעם אונטערזוכונגס־ריכטער צוזאמען מיט א פּאאר זשאנדארען. אָבער הער מיך גוט אויס, זייא מוזען דאָ אלע זיין אין א שטונדע צייט, ניט פערזאמען, ווייל דאָ איז געשעהען א גרויזאמער מאָרד."

דער שרייבער האט זיך באלד גענומען צו זיין ארבייט זוכען דיא קליידער, און דער וועכטער איז אוינגבליקליך אוועק דורכצופיהרען דעם אויפטראג.

רענאָרדעט האט זיך דאן געווענדעט צום דאָקטאָר:

„איהר מעגט זאגען וואס איהר ווילט, דאָקטאָר, איך קען דיא גאנצע גע־שיכטע ניט בעגרייפען. מיר פעהלט בשום אופן ניט איין וועלכעס פון דאס וואס האט געקענט טהון. דיא גאנצע שוידערהאפטע ערייגניס, איז פאר מיר א טיעפעס געהיימניס. וויא מיר איז בעקאנט, קען איך דאָרט אלע איינוואָהנער פון דער אומגעגענד, און איך בין זיכער, אז קיין איינציגער איז פעהיג צו אזא געהיימניס."

דער ארצט האט לאנגזאם געענטפערט:

„ווער ווייס! איהר קענט פּאָזיטיוו פאר קיין מענשען גאראנטירען. וויך קען זיך דאכטען, אז איינער איז גוט, פרום און אנשטענדיג, און צום סוף זאָל ער נאר זיין דער פערדאָרבענסטער שופט. איבריגענס, יעדער ווייסלינג איז פעהיג דערצו. מען קען בעשולדיגען יעדען אין אלגעמיין און דאך קען מען ניט זאגען איבער איינעם, אז אקוראט ער איז עס. נאך מיינער אנזיכט אָבער, גלויב איך, אז דאס האט געמוזט זיין עפּעס א וואגאבונד, איין אָרום־טרייבער, אָדער איין ארבייטער וואס האט קיין בעשעפטיגונג. זייט דער צייט וואס מען האט אונז געגעבען א

רעפובליק, א זאָגעגאַנטע פאָלקס־רעגיערונג, הערט איהר נאָר פון אזעלכע פער־ברעכענס אין אלע גאַסען."

דער ארצט גלייך מיט רענארדעט'ן, זיינען ביידע געווען מאַנארכיסטען, און זייא האבען קיין אנדערעס גליק געזעהען פיר זייער פאטערלאנד, אויסער דאס איינער פון דער באַנאַפּארט פאמיליע זאָל ווידער הערשען און רעגיערען איבער פראַנקרייך.

רענארדעט האט בעמערקט:

„איהר האט פאָלקאָמען רעכט, דאָקטאָר. דאס האט קיינער ניט געקענט טהון, נאָר א פרעמדער, עפּעס איין ארום־טרייבענדער ארבייטער, אָדער וויא איהר האט פריהער געזאגט, א וואגאבונד, וואס האט קיין הויז, קיין פאמיליע און קיין בעט......"

דער ארצט, מיט א לייכטען שמייכעלע אויף זיינע ליפּען, האט געמור־מעלט:

„איין זאך איז זיכער, אז דאס האט קיין פרוי געטהאָן."

„פּאָזיטיוו ניט!" האט רענארדעט געזאגט גאנץ מונטער.

„מיין מיינונג איז א ריכטיגער," האט דער ארצט פאָרטגעזעטצט. „א וואַ־גאבונד וואס האט קיין געלעגער, קיין מיטאג און קיין נאכטמאָהל, האט ער זיך בעזאָרגט מיט דעם אנדערן. יא, יא, איהר קענט זיך קוים א בעגריעף מאכען וואס פאר א מין ברואים עס זיינען דאָ אויף דיעזער וועלט. עס זיינען דאָ אזעלכע מענשען, וואס וועלען ניט צוריק שרעקען צו בעגעהען דאס שענדליכסטע פער־ברעכען אין יעדען אויגענבליק פון זייער לעבען. גלויבט איהר דאס מאָנסיע רע־נארדעט?"

„געוויס יא."

ביידע האבען דאן געשוויעגען. נאך א פויזע האט דער ארצט גע־פרעגט:

„איז אייך דאס קינד בעקאנט געווען?"

בייא דיעזע ווערטער האט דער ארצט בעריהרט מיט זיין שטעקען דיא שפּיטץ פינגער פון דער טויטער'ס האנד, איינעם נאך דעם אנדערן, גלייך וויא ער וואָלט געשפּיעלט פּיאַנאָ.

„יא," האט רענארדעט געענטפערט, „דיא מוטער האט מיר געסטערן אבענד אָבגעשטאטעט א בעזוך. עס איז געווען, מיר דאכט, ארום 9 אוהר. דיא אורזאכע

דערפון איז געווען, וואס. איהר קינד האט ניט צוריק געעהרט אום 7 אוהר וויא געוועהנליך. איך אליין בין מיט איהר ארויס געגאנגען אויף דער גאס און פערווילט ביז האלבע נאכט, רופענדיג איהר נאמען, דאן זוכענדיג צווישע דיא בוימער פיעל־לייכט, האט זיא זיך געלעגט דארט שלאפען, אבער מיר האבען זיא ניט ענטדעקט. עס האט מיר געריסען מיין הארץ קוקענדיג אויף דער פערצווייפעלטער מוטער, אבער קיין זאך האט געקענט העלפען; עס האט פריהער געמוזט טאג ווערען, און זוכען וויימער אין דער פינסטער, איז געווען אומזיסט.“

דער ארצט האט געברומט ציטערענד.

„ווילט איהר רויכען א ציגארע?“ האט ער דאן געפרעגט.

„איך דאנקע,“ האט רעגארדעט געענטפערט, „איך האב עפעס יעטצט גאר קיין אפעטיט צום רויכען. אזא סצענע קען ביי אייגעם אוועק נעהמען דעם גאנצען געשמאק.“

„בייא מיר גראדע ניט.“

„געוויס, איהר זייט דאך א דאקטאר.“

„יא, און איך האב נאך ערגערעס געזעהען.“

ביידע זיינען געשטאנען געגענאיבער דעם טויטען קערפער פון א מעדכען, וואס האט אויסגעזעהען שווארץ וועהרענד איהר לעבען און איז ערשט געשטאנען בייא דיא יאהרען פון וואקסען און ענטוויקלען זיך. יעטצט איז דאס געלעגען טויט, בלאס און פערשטארט טראָטץ דער היטץ.

א גרויסע פליעג מיט א בלויען בויך, וועלכע איז געשטאנען אויף דעם גראבען פלייש פון רעכטען פוס, איז שנעל צוגעקראכען צו דעם פלאטץ בעפלעקט מיט בלוט און זיך אבגעשטעלט אויף איין אויגענבליק. דאן איז זיא געלאפען וויימער אויף דעם קערפער איבער דעם בויך און איז שנעל ארויף געקומען צו דער ברוסט וואו זיא האט זיך ווידער אבגעשטעלט. זיא האט אויסגעזעהען גלייך וויא זיא וואלט עפעס נאכגעפארשט אום צו געפינען פליסיגעס צום טרינקען. ניט ענט־דעקענדיג וואס זיא האט געזוכט, האט זיך נאך אמאל צוריק געקעהרט מיט איהרע שנעלע שריט.

ביידע מענער זיינען געשטאנען און אויפמערקזאם בעטראכט דעם וואנדער־ענדען שווארצען פונקט.

דער ארצט האט בעמערקט:

„וויא שעהן דאס זעהט אויס ווען א פליעג וואנדערט אויף דער הויט! דיא דאמען פון לעצטען יאהרהונדערט, האבען גאר קיין אונרעכט ניט געהאט, ווען זייא

פלעגען, אלס חן־פינטעל, זיך צוקלעפּען א פליעג צו דער הויט פון געזיכט. מיך וואונדערט ווארום דיעזער מנהג איז אונטערגעגאנגען."

רעגארדעט האט אויסגעזעהען צופיעל פערטראכט, און עס שיינט, אז ער האט גאר ניט געהערט זיינע בעמערקונגען.

פּלוצלינג האט זיך אָבער רעגארדעט אומגעווענדעט, דען א גערויש פון ווייטען, האט צוגעצויגען זיין אויפמערקזאמקייט. א פרוי מיט א הויב אויף׳ן קאָפּ און מיט א בלויער שירצע, האט געשפּאנט מיט זעהר שנעלע שריט.

עס איז געווען דער ערמאָרדעטער׳ס מוטער, מאדאם ראָקע.

„מיין קינד! מיין קינד! וואו איז מיין קינד?" האט זיא געשריען.

אויף איינמאָל האט זיא ערבליקט דיא לייבע. זיא איז געבליעבען שטעהען, זיך אביסעל צוגעקוקט, דאן האט זיא צוזאמענגעקלעגט ביידע דאָלאָניעס אין זיך אָנגעפאנגען צו ברעכען דיא הענד; וועהרענד דעם האט זיא ארויס געלאָזען א שארפען און פערצווייפעלטען געשרייא וויא פון עפּעס א ווילדע חיה, וועלכע א יעגער׳ס קוגעל האט טעדטליך פערוואונדעט.

דאן איז זיא צוגעלאָפען ביז צו דער לייבע, ניעדערגעזונקען אויף איהרע קניען און ארונטער געריסען דאס טאשענטוך פון דער ערמאָרדעטער׳ס געזיכט.

אזוי וויא זיא האט דערזעהען דאס שרעקליכע, שווארצע און פערענדערטע געזיכט, איז זיא וויעדער אויפגעשפּרונגען אין דער הויך און אָנגעפאנגען פירכטערליך צו שרייען, ביז זיא איז צוגעפאלען מיט׳ן פּנים צום גראָז און געמריקעט וויא איין אָקס.

איהר לאנגער און מאָגערער קערפּער, צו וועלכען דיא קליידער זיינען געווען צוגעקלעפּט פון שוויס, האט געציטערט און געשווידערט. דאן איז זיא אריינגעפאלען וויא אין א קאָנוואולסיאָן און איהרע גליעדער האבען זיך קראמפּפהאפט געצויגען און געוואָרפען וויא א פיש וואס מען ציהט איהם נאָר וואס ארויס פון וואסער.

דער ארצט האט בעגריפען וואס דיא אונגליקליכע ליידעט, און ער האט שטילערהייט בעמערקט:

„ארמע אלטע פרוי! ארמע אונגליקליכע!"

און וואס איז געשעהען מיט רעגארדעט? ער האט אויסגעזעהן אויסער זיך פאר שמערץ איבער דיעזען אנבליק. דאן האט זיך, וויא אונווילענדיג, ארויסגעריסען א געשרייא פון זיין האלז און ברוסט, עהנליך צו דעם געשרייא פון איין אָקס,

וועלכער ערבליקט דעם חלף אויף'ן האלז. נאכדעם איז ער געבליעבען שטעהן וויא פערשטיינערט, און זיינע אויגען, ווייט געעפענט, האבען געבליקט וויכד צו דעם שוידערהאפטען ביכד פון דעם טויטען קינד און דיא פערצווייפעלטע מוטער.

אָבער רענארדעט האט זיך ענדליך בעהעררשט, דען ער האט אויסגעשטרעקט זיין האנד, ארויסגענומען א טאשענטוך פון דער קעשענע און אָנגעפאנגען צו ווינען, הוסטען און שנייצען, און ער האט געמורמעלט וויטהענד:

„מיין גאָט! מיין גאָט! ווער דאס האט געטהאָן, האט פערדיענט דיא גילאָטינע! איך אליין, וואָלט איהם אָבגעהאקט דעם קאָפ! אזא שופט...... אזא לומפ... אזא באנדיט... אזא... אזא...“

צו דיעזער צייט איז צוגעקומען דער שרייבער פרינסיפ, מיט א פערצווייפעל־טער מינע אויף זיין געזיכט און מיט לעערע הענד.

„עס טהוט מיר זעהר לייד,“ האט ער געזאגט, „איך האב אויסגעזוכט יעדען ווינקעל, אָבער קיידער, האב איך דיא קליידער ניט געפונען. נישטאָ, ביי מיין עהרענוואָרט ניט געפונען.“

רענארדעט איז געווען אזוי ערשראָקען און פערווירט, אז ער האט נאר ניט געהערט וואס פרינסיפ האט איהם פון אנפאנג געזאגט. אין זיינע אויערן האבען נאר געקלונגען דיא לעצטע ווערטער, אָבער גאנץ אונפערשטענדליך.

„וואס האסט דוא ניט געפונען, מענש?“ האט ער געפרעגט, „וואס ווילסטו?“

„איך מיין דיא זאכען, דער ערמאָרדעטער'ס קליידער.“

„אך!“ האט רענארדעט אויסגעשריען, „יא, יא, איך פערשטעה, יא, דאן... דאן געה און זוך ווייטער... און, און... זעה, אז דוא זאָלסט גוט זוכען און געפינען... אָדער, געדענק, אז דוא וועסט מיט מיר האבען צו טהון... געדענק!“

פרינסיפ האט גוט געקענט רענארדעט'ן, און ער האט געוואוסט, אז מען דארף זיך מיט איהם ניט פיעל אויסטענה'ען און געהאָרכען זיין בעפעהל. ער האט זיך דערפאר נאך אמאל אָבגעווענדעט און איז ווידער אוועק זוכען. אין דערזעלבער צייט, האט ער צוריק געוואָרפען זייטען־בליקען אויף דער סצענע.

---

## דריטעס קאפיטעל.

פון ווייטער, צווישען דיא בוימער, האבען זיך געהערט מעהרערע שטימען, אלץ העכער און העכער. דאן האט זיך געהערט א רעש און איין אונטערדריקטער געמומעל. דער רעש און געמומעל האט אויסגעזעהן וויא פון א קאמפאניע רייטער. דיא אורזאכע דערפון איז געווען, וואס מעדעריק האט אויפגערודערט דיא גאנצע געגענד. ער האט איבעראל דערצעהלט איבער דעם מארד פון א קינד אין וואלד, און דיא רוהיגע איינוואהנער האבען אין דעם געזעהען עפעס אזא אינטערעסאנטע זאך, וואס מען דארף ניט פערפעהלען בייצו־וואהנען.

אזוי וויא מעדעריק האט פערברייטעט דיא נאכריכט, איבעראל וואו ער האט געעפענט דיא טהיר אבצוגעבען א בריעף, האבען זיך אנגעפאנגען צוזאמען צו קלייבען רעדלעך מענשען אויף דער גאס און איינער האט דערצעהלט דיא איבריגע נייגיעריגע וואס האבען נאך דערפון ניט געוואוסט.

„וואו איז דאס?“ האט איינער געפרעגט.

„אין וואלד,“ האט איין אנדערער געענטפערט.

„יא אין וואלד, אבער וואו? מען קען דאך זוכען אין וואלד ביז מארגען און איבערמארגען.“

„נעבען דער ברונדיללע.“

„נעבען דער ברונדיללע? אויף וועלכער שטעלע?“

„ניט ווייט פון בריקעל.“

„אה! איך ווייס שוין וואו דאס איז.“

„אלזא כאמיר געהען!“ האט א דריטער און א פיערטער געזאגט.

אלע האבען איינגעשטימט.

זייא זיינען אבער ניט געקומען אויף אמאל, זאנדערן גרופענווייז. אבער כמעט אלע האבען געצענערט, זיך געצייגט אונרוהיג און ניט געוואגט מיט אמאל צו צוקומען.

וויא זייא האבען נאר דערזעהען דיא לייכע, זיינען זייא געבליעבען שטעהען און וויא מורא געהאט צו מאכען א שריט ווייטער. זייא האבען געמורמעלט גאנץ שטיל צווישען זיך.

דאן האבען א פאאר מוטהיגע געפאסט און געמאכט א פאאר שריט ווייטער.

דיא אנדערע האבען דאסזעלבע געטהאָן. דאס האט געדויערט עטליכע מינוטען, ביז זייא האבען געבילדעט א ראָד פון מענשען ארום דעם טויטען קערפער און ארום דער אלטער ראָקע. דער ארצט און רענארדעט זיינען געבליעבען אויסער דעם קרייז, אָבער אויך זייא האט מען געדרענגט אום זיך מעהר פּלאַטץ צו מאכען פאר דער גרויסער מענגע מענשען.

דיא פאָרדערשטע אין דער מענשען־ראָד, האבען באַלד פערלוירען זייער שרעק און צוגעקומען אזוי נאָהענט צו דער לייכע, דאס אייניגע האבען זאָגאר גע־וואגט צו בעריהרען דעם טויטען קערפער און איהם בעטאפּען.

דער ארצט האט דאס געזעהן פון וויטען און זיך אריינגערוקט אין מיטען.

„וואס טהוט איהר דאָרטען?" האט ער געפרעגט.

קיין ענטפער.

„לאָזט צורוה דעם קערפער!" האט ער געשריען. „איהר דארפט איהם ניט בעריהרען. געהט אוועק פון דאנען!"

רענארדעט וועלכער איז פריהער געשטאנען וויא געלעהמט, האט פּלוצלינג ערוואכט פון זיין בעטויבונג, און כאַפּענדיג דעם דאָקטאָר'ס שטעקען, איז ער צו־געלאָפען וויא א ווילדע חיה און אויסגעשריען וויטהענד:

„געהט אוועק פון דאנען, איהר געזינדעל! צום טייפעל מיט אייך! פאָרט, אהיים צו אייער ארבייט! האסטו געהערט א סקאנדאל!"

אין איין אויגענבליק האט זיך דיא מענשען־ראָד געעפענט און דיא מענגע האט זיך פערשפּרייט איבער דעם גראָז, צווישען דיא בוימער און נעבען ברעג פון דער ברונדילכע.

דיא אלטע ראָקע האט זיך אויפגעזעטצט, זיך אומגעדרעהט, און נאכדעם וויא זיא האט געוואָרפען א בליק ארום, האט זיא אויסגעבראָכען אין א העפטיגעם געוויין.

צווישען דיא גרויסע מאסע צושויער, האט מען שוין ערפאהרען גענוי וואס עס איז געשעהען. יעדער האט זיך איבערצייגט, אז דיא קליינע ראָקע איז דיא ערמאָרדעטע, און דיא אינגלעך האבען מיט נייגיעריגע אויגען געבליקט צו דעם נאקעטען קערפער.

רענארדעט האט דאס אלעס געזעהן, און אום דאס צו פערהינדערן, האט ער פון זיך ארונטער געריסען זיין דינעם זומער־ראָק און ארויף געוואָרפען איבער־דעם קערפער פון טויטען קינד. דער ראָק איז געווען גענוג גרויס, אום כמעט דעם גאנצען קערפער צו צודעקען.

דאן האט דיא נייגיעריגע מענגע זיך ווידער אָנגעפאנגען לאנגזאם צו דערנעהנטערן. צווישען דיא בוימער זיינען ערשיענען פרישע מענשען, און איין אונטערבראָכענעס געמורמעל און געשפּרעך האט שטאטגעפונדען.

רענאררעט, בלויז אין זיין העמד, איז נאך אימער געשטאנען מיט דעם דאָקטאָר'ס שטעקען אין האנד, בערייט אירגענד יעמאנדען צוריק צו טרייבען. ער האט אויסגעזעהען זעהר אויפגערעגט איבער דער נייגיעריגקייט פון דיא בויערן.

„צום טייפעל!" האט ער אויסגעשריען, „וואס זעהט איהר דאָ? וואס ווילט איהר? געהט אהיים, איהר פויללענצער, צו אייערע ארבייטען. ווען איינער פון אייך וועט וואגען נאהענט צו צוטרעטען, וועל איך איהם מיט דעם שטעקען אויפשפּאלטען זיין קאָפּ!"

קיינער פון דיא בויערן האט חשק געהאט מיט איהם אנצופאנגען. דער דאָקטאָר לאבארבי, וועלכער האט זיך פערררויכערט א ציגארע, האט זיך אוועקגעזעטצט נעבען דער אלטער ראָקע, צו איהר גערעדט און זיא געזוכט צו טרייסטען.

דיא אלטע האט ארונטער גענומען דיא הענד פון איהר געזיכט און געענטפערט, אונטער א ים טרערען און כליפּען, אז זיא איז אונגליקליך און זיא וועט דעם שמערץ ניט איבערלעבען.

דערווייל האט זיא זיך אויך אביסעל מעהר בערוהיגט און אָנגעפאנגען צו דערצעהלען איהר גאנצע ביאָגראפיע. זיא האט אָבגעשילדערט איהר הייראטה, דעם טויט פון איהר מאן, וועלכער איז געוועזען איין אָקסען־טרייבער, און וויא אזוי איין אָקס האט מיט זיינע שארפע הערנער דעם אונגליקליכען צעררייסען. דאס איז געוועזען דאמאלס, ווען זיא האט נאָר וואס ענטוועהנט דאס קינד, און זיא איז איבערגעבליבען איין עלענדע און אונגליקליכע אלמנה.

„אך! וויא שעהן און וויא אונשולדיג מיין לואיזע איז געוועזען!" האט זיא אויסגעשריען. „נאָר יעטצט זעהט, אָט ליעגט זיא טויט!"

ביי דיעזע ווערטער איז איהר אָנגעקומען א וואונש דאס קינד נאך אמאל צו זעהען. אויף דיא קניען האט זיא זיך צוגערוקט, אויפגעהויבען א זייט פון דעם ראָק, געבליקט א פּאאר אויגענבליקען, און דאן ווידער ארונטער געלאָזען און אויסגעבראָכען אין א נייעם געוויין און געשרייא.

דיא מאסע מענשען ארום איז דערבייא זעהר שטיל געוואָרען און געקוקט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט צו דער מוטער, אום צו זעהען וואס זיא טהוט.

פלוצלינג אָבער איז ענטשטאַנדען אַ נייע בעוועגונג. יעמאנד האט אויס־געשריען:

„מאכט פּלאַץ! דיא זשאַנדאַרען קומען!"

פון וויטען האט מען געקענט זעהען צווייא זשאַנדאַרען, וועלכע זיינען אָנגעקומען גאַלאָפּירענדיג אויף פערד. זייא האבען בעגלייטעט זייער קאַפּיטאַן און אַ קליינעם הערר מיט רויטע באַקענבערד, וועלכער האט אויסגעזעהען וויא איין אָבעזאַניע רייטענדיג אויף אַ פערד.

דער וועכטער, האט צום גליק, געטראָפען מאַנסיע פּיטאָאַן, דעם אונטער־זוכונגס־ריכטער, בעשטייגענדיג זיין פערד, אום אויסצופאָהרען אביסעל שפּאַצירען. מיט איהם איז אויך געוועזן זיין פריינד, דער זשאַנדאַרען־קאַפּיטאַן, און וויא מאַקסים האט איהם מיטגעטהיילט וואס עס איז געשעהען און ווער עס רופט איהם, האט דער קאַפּיטאַן בעשלאָסען אויך מיטצופאָהרען, און איבער'ן וועג האבען זייא מיט־גערופען צווייא זשאַנדאַרען.

צוזאמען מיט דעם קאַפּיטאַן איז ער אָבגעשטיגען פון זיין פערד, גערריקט רענאַרדעט'ן און דעם דאָקטאָר דיא האנד, און געוואָרפען אַ דורכזוכענדען בליק אויף דעם טויטען קערפּער פון דער ערד. ער האט אָבער דעם קערפּער ניט געזעהן, זאָנדערן זיך געמערקט, אַז דאָרט, אונטער דעם ראָק, ליעגט ער.

ער האט באַלד אָנגעפאַנגען אַ געשפּרעך מיט רענאַרדעט'ן און מיט דעם אַרצט, און זייא האבען איהם ערקלערט אלעס וואס זייא האבען געוואוסט איבער דער אנגעלעגענהייט. דאַן האט ער צוגערופען דיא זשאַנדאַרען, געלאָזען אויס־אַנאַנדער טרייבען דיא בויערן און זיך געוואָלט נעהמען צו דער אונטערזוכונגס־אַרבייט. דיא בויערן זיינען אָבער שנעל צוריק געקומען, זיך אוועק געשטעלט אביסעל ווייטער וויא פריהער, און עס איז אונטער זייא ענטשטאַנדען אַ גע־רוישענדעס געשפּרעך.

דער אונטערזוכונגס־ריכטער האט אָנגעפאַנגען צו שטעלען דעם אַרצט פראַגען, און רענאַרדעט, מיט אַ בליישטיפט און פּאַפּיר אין דער האנד, האט דיא פראַגען און אַנטוואָרטען פערצייכענט.

אלעס וואס מען האט געוואוסט, איז גענוי פערשריעבען געוואָרען און ריכטיג אָבגעשילדערט, אָבער דאס האט נאָך פּאָזיטיוו ניט געפיהרט אויף קיין איינציגער שפּור פון דעם מערדער. אלעס וואס דיא אונטערזוכונג האט בעוויעזען, איז געווען, דאס דיא ערמאָרדעטע איז ווירקליך טויט.

דער שרייבער האט צוריק געקעהרט ווידער מיט לעדיגע הענד, און ער־קיערט, אז עס איז איהם אונמעגליך געווען צו ענטדעקען די קליידער.

דאס פערשווינדען פון די קליידער, האט יעדען ערשטוינט. מען האט זיך דאס ערקלערט אלס א פרעכען רויב.

„איך קען עס מיר ניט גלויבען,“ האט דער ארצט ערקלערט, „אז די קליידער זיינען גערויבט געוואָרען.“

„ווארום?“ האט דער אונטערזוכונגס־ריכטער געפרעגט.

„ווייל זייא האבען אפילו קיין 20 סו ניט ווערטה געהאט, און דער בלוטיגער מערדער האט ניט געקענט אין זינען האבען זייא צו געהען זוכען נאך זיין מאָרד־טהאט. נאך מיינער אנזיכט, מוזען די קליידער אירגענדוואו דאָ ערגיץ ליעגען בע־האלטען.“

דער אונטערזוכונגס־ריכטער האט געמוזט צוגעבען, אז די מיינונג איז א ריכטיגע. צוזאמען מיט רענארדעט׳ן, דער קאפיטאן און דער ארצט, זיינען זייא ארויס צו זוכען די קליידער צווישען גראָז, צווישען די בוימער און ביים ברעג פון דער ברונדיללע.

זוכענדיג עטליכע מינוטען און ניט געפינענדיג, האט רענארדעט געזאגט צום ריכטער:

„עס שיינט אלזאָ, אז די קליידער האט מען ניט אוועק געגנב׳עט, ווייל עס האט זיך ניט געלוינט די מיה זייא צו טראגען. אָבער וואו קענען זייא זיין? האט דער מערדער זייא אירגענדוואו בעהאלטען? צו וועלכען צוועק? ווען ער וואָלט וועלען בעהאלטען די שפור פון זיין טהאט, דאן וואָלט ער דאָך די ערמאָרדעטע זעלבסט ניט צוריק געלאָזען אויף׳ן פרייען פעלד?“

דער ריכטער, וועלכער איז געווען בעקאנט אלס א פערשטענדיגער אין זיין פאך, און זעהר שארפזיניג, האט געענטפערט:

„הם, יא, דאס איז ריכטיג. אָבער פיעללייכט איז דאס נאָר א שפיטצעל אום ארונטער צו פיהרען פון דער ריכטיגער שפור? דיעזעס פערברעכען איז בע־גאנגען געוואָרען ענטוועדער פון א שמוטציגער בעסטיע, אָדער גלאט א געמיינער באנדיט. יעדענפאלס, רעכען איך, אז מיר וועלען אונזער ציעל ערגרייכען און דעם לומפ זאָ שנעל וויא מעגליך כאפען.“

דאס גערויש פון א דראָשקע האט אונטערבראָכען זייער געשפרעך.

דער פּראָקוראָר, דער געריכטס־ארצט און דער הויפּט־אמט־שרייבער, זיינען אָנגעקומען.

דיא געזעלשאפט איז געווען א גרופּע פון אלט־בעקאנטע גוטע ברידער, און אונטער א לעבהאפטעס און מונטערעס געשפּרעך, האט דיא אונטערזוכונג אָנגעפאנגען פון דאס נייא.

אזוי האבען דיא בעאמטע פערבראכט אין א מונטערער אונטערהאלטונג בייגאהע א שטונדע.

ווען אלעס איז שוין געווען צו ענדע, און מיט דעמזעלבען רעזולטאט וויא פריהער, איז צוגעקומען רענארדעט און געזאגט:

„ווייסט איהר, מיינע הערען, אז איהר זייט איינגעלאדען צו מיר אויף פריהשטיק?“

„דאס האבען מיר גראדע ניט געוואוסט,“ האט דער פּראָקוראָר בעמערקט לאכענדיג.

אלע אנדערע האבען אויך געלאכט, און יעדער בעזונדער האט אָנגענומען דיא איינלאדונג.

„וויא דיא זאך איז,“ האט דער אונטערזוכונגס־ריכטער געזאגט, „גלויב איך, אז מיר האבען געטהאָן אונזער פליכט. אלע אונזערע מעגליכקייטען זיינען אָנגעווענדעט געוואָרען אום יעדע קלייניגקייטען נאכצופאָרשען, און כמעט אין ערשטען ארבייטס־טאָג, אין דיעזען מאָרד־פּראָצעס, האבען מיר גאנץ גענוג געווירקט.“

דער פּראָקוראָר האט געענטפערט:

„געוויס, וואס נאך קען מען דען פאָרלויפיג טהון?“

בייא דיעזע ווערטער איז צוגעגאנגען דער ארצט און געפרעגט:

„אלזאָ, וואס טהוט מען מיט דער לייכע?“

עס האט אויסגעזעהען, אז זייא האבען נאך ביז דאמאלס דאריבער נאר ניט געדענקט.

„ריכטיג,“ האט דער אונטערזוכונגס־ריכטער געזאגט, „וואס קען מען טהון מיט דער לייכע? דאָ, אויפ'ן פעלד, קען זיא דאָך ניט בלייבען? איך וואלט געזאגט, דאס מאָנסיע רענארדעט זאָל אונז ערלויבען פאָרלויפיג צו איהם צו ברענגען דיא לייכע. איך גלויב, אז איהר האט געוויס עפּעס א קאמער אָדער א לעדיג צימער'ל וואו דיא לייכע זאָל קענען פערבלייבען ביז אבענד.“

רענארדעט האט אויפגעציטערט. דיא פארב אויף זיין געזיכט האט זיך געוועקסעלט, און ער האט קוים ארויס געשטאמעלט:

„נו, יא, איך מיין... ניין... איך צו זאגען דיא וואהרהייט, קימערט דאס מיך זעהר וועניג, אבער.... אבער, איך וואלט צופריעדענער געוועזן ניט צו האבען דיא ליבע אין מיין הויז.... עס איז אונאנגענעהם.... דאן, אויך וועגען מיין דיענערשאפט, וועלכע זיינען שוין אזוי אויך... דאס הייסט, זייא האבען שוין אזוי אויך געגוג מורא פאר שדים און רוחות.. אין מיין טהורם, וויא איהר ווייסט, אין פוקס־טהורם, ציטערן זייא וויא פיש אין וואסער.. זייא בעהויפטען, אז דארט זיינען דא גייסטער.... אט דאס, מיין איך, איז דיא אורזאכע, ווארום איך וואלט ניט וועלען אריינגעהמען דיא ליבע צו מיר."

דער אונטערזוכונגס־ריכטער האט געשמייכעלט און דיא אנדערע צוהערער האבען געלאכט.

„דאן," האט ער געזאגט, „וועלען מיר זיך פערשפארען א צווייטע ארבייט. מיר וועלען זאפארט כאזען דיא ליבע דירעקט אוועק פיהרען נאך רואי, וואו דיא געריכטליכע אונטערזוכונג זאל געגוי שטאטפינדען..."

ער האט זיך נאך דיעזער ערקלערונג געווענדעט צום פראקוראר:

„איך גלויב, אז איהר וועט מיר ערלויבען זיך דאפיר צו בעניטצען מיט אייער דראשקע?"

„אה יא, געוויס, נאטירליך!"

דיא גרופע האט זיך דאן וויעדער פערזאמעלט ארום דער ליבע.

דיא אלטע ראקע, וועלכע איז ביז יעטצט געלעגען צוגעטולעט צו איהר טויטע טאכטער, האט זיך עטוואס אויפגעהויבען, אנגענומען איהר האנד און אנגעפאנגען אזוי צו שרייען און ליארמען, אז דער ווידער־קול האט אבגעקלונגען איבער דעם גאנצען וואלד.

ביידע ערצטע האבען פראבירט זיא אוועק צו נעהמען, אום איהר צו ער־שפארען דעם שמערץ צו בליקען אויף דער סצענע וויא מען וועט דיא ערמארדעטע אויפהייבען. אבער דיא אלטע פרוי האט באלד בעגריפען דיא אבזיכט, און זיך אניעדער ווארפענדיג נעבען דער ליבע, האט זיא מיט ביידע הענד אומארמט דעם טויטען קערפער און זיך דארט פעסט געהאלטען.

זיא האט זיך אנגעפאנגען העפטיג צו ווארפען און געשריען:

„איהר זאלט זיא ניט אוועק נעהמען פון דאנען! זיא איז מיינע, מיין טאכטער, מיין קינד! זיא בעלאנגט יעטצט צו מיר אליין! מען האט זיא מיר ערמארדעט, און איך וועל זיא האלטען! איהר וועט זיא ניט קריעגען, ניין, איך וועל זיא ניט כאזען אוועק רויבען פון מיר!"

דיא מענער זיינען געבליעבען שטעהען איבערראשט און אונענטשלאָסען.

רענאַרדעט איז צונעקומען נעהנטער, ניעדערגעקניעט נעבען דער אונגליקליכער מוטער און איהר אויסגערעדט:

„הערט דאָך אויף צו וויינען, פרוי ראָקע; דאס מוז זיין, דאס מוז געשעהען, אזוי פיהרט זיך דיא וועלט. מען מוז מאַכען א טיכטיגע אונטערזוכונג אום צו ענט־דעקען ווער עס האט אומגעבראַכט אייער קינד! עס איז נישטאָ קיין אַנדערע ברירה וויא אזוי צו כאַפּען דעם מערדער. און אום דעם מערדער צו בעשטראָפען פאַר זיין פערברעכען, מוז מען איהם דאָך ערשט זוכען. ווען מען וועט איהם אָבער געפינען, דאַן קריעגט איהר אייער קינד צוריק. איך גיב אייך מיין עהרענוואָרט דאריעבער. נו, נענוג, נענוג, הערט אויף, לאָזט מענשען טהון זייער ארבייט.“

דיא אַלטע האט איהם אנפאַנגס אָנגעקוקט אונפערשטענדליך, דאַן האט זיא אויסגעזעהען צו בעגרייפען, און א ווילדער צאָרן האט זיא בעהעררשט.

„אלזאָ, מען וועט איהם ערשט כאַפּען?“ האט זיא געפרעגט וויטהענד.

„געוויס! דאס פערשפרעך איך אייך!“

זיא האט זיך געזעהן הילפלאָז, און אין איהר טרויער, האט זיא פערשטאַנען, אז עס וועט איהר גאר ניט העלפען. זיא האט זיך אלזאָ אויפגעהויבען אום צו לאָזען דיא מענער טהון זייער ארבייט.

דער זשאַנדאַרען קאַפּיטאַן האט אונטערדעסען בעמערקט:

„עס איז דאָך וואונדערבאַר ווארום מען געפינט ניט דיא קליידער פון דער ערמאָרדעטע.“

דיעזע ווערטער האבען אריין געשאָסען א נייע אידעע אין דעם בויערן קאָפּ פון דער אַלטער ראָקע, און עס האט אויסגעזעהען, אז זיא האט ערשט דאמאלס דאריבער ערפאַהרען צום ערשטען מאָל.

„וואו זיינען איהרע זאַכען! יא, איהרע קליידער געהערען צו מיר! איך וויל זייא האבען. מען זאָל זייא מיר צוריק געבען. וואו האט מען זייא בע־האַלטען?“

מען האט איהר נעמוזט ערקלערען, וויא אזוי מען האט ביז יעטצט אויס־געזוכט יעדען ווינקעל און דאָך דיא קליידער ניט געפונען. אָבער דיעזע ערקלערונג האט אויף איהר געמאַכט א קליינעם איינדרוק. זיא האט דאס בעטראַכט פאַר א שווינדעל, אז מען זוכט זיא אָבצונארען, און מיט דערזעלבער האַרטנעקינקייט וויא פריהער, האט זיא געשריען:

„איךּ ויל ניט וויסען! מיר געהערען איהרע קליידער! מען זאָל זייא מיר אָבגעבען!"

וואס מעהר מען האט אָנגעווענדעט זיא צו בערוהיגען, אַלץ שטאַרקער האט זיא געבליפּעט, געוויינט און געשריען.

צו בעזיטצען דעם טוידטען קערפּער, האט זיא מעהר קיין וואונש געציינט, אָבער דיא קליידער האט זיא אונבעדינגט געוואָלט האבען.

עס איז מעגליך, אז דאס איז געוועזען דער וואונש פון ארמוטה און עלענד, וועלענדיג בעזיטצען דיא קליידער, וואס האבען ווערטה געהאט 20 סו.

אלס מען האט דעם קליינעם טויטען קערפּער אייגגעוויקעלט אין א פּאאר דעקען וואס מען האט געבראכט פון רענאַרדעט'ס הויז, און דאַן אריינגעלעגט אין וואָגען, האט זיך דיא אלטע ראָקע אָנגעפאַנגען צו שליידערן צו דער ערד, גלייך וויא זיא וואָלט זיך וועלען דערהרג'ענען. רענאַרדעט און דער קאַפּיטאַן זיינען צוגעלאָפען, זיא אויפגעהויבען און צוגעהאלטען.

„איך האב מעהר נאר ניט, קיין זאך אויף דער וועלט!" האט זיא געשריען. „אלעס פון איהר און מיט איהר איז פערשוואונדען. איך האב אפילו מעהר ניט איהר קליינע היטעלע. גאר ניט, גאר ניט, קיין זאך, אלעס אוועק גענומען מיט איהר קליינע היטעלע צוזאמען...."

דערווייל איז אָנגעקומען דער גייסטליכער פון דאָרף. דיעזער איז אויך געוועזען א יונגער מענש, אָבער ער האט שוין געהאט גענוג ערפאהרונג אונטער דער ארמער קלאסע. ער האט עס גענומען אויף זיך אוועקצופיהרען פרוי ראָקע און זיא בערוהיגען.

ער האט אָנגענומען איהר האנד, גערעדט בערוהיגענד און טרייסטענד, און זיא האט אָנגעהויבען איהם נאכצוגעהען אין דער געגענד פון דאָרף. אונטער דיא צוקער־זיסע ווערטער פון דעם גלח, האט אָנגעפאַנגען דער מוטער־שמערץ זיך צו לינדערן. דאס האט אָבער ניט פיעל געדויערט, דען צייטענווייז האט זיך נאך אימער אויסגעבראָכען אין א געשרייא און יאָמער:

„ווען איך זאָל כאָטש האבען איהר קליינע היטעלע! ווערה איז מיר, וויא דאס וואָלט מיך געטרייסט.... איהר קליינע היטעלע!"

דאס היטעלע האט אלזאָ ערזעטצט בייא איהר אין קאָפּ אלעס אנדערע. קיין זאך האט איהר מעהר אזוי פיעל געפעהלט, וויא דאס היטעלע, און דערפון איז זיא כמעט אונמעגליך געוועזען אָבצרווענדען.

רענאַרדעט האָט אונטערדעסען נאָכגעשריען דעם גייסטליכען:

„פערגעסט ניט, מאַנסיע לע אַבע, אַז איהר וועט מיט אונז עסען פריהשטיק.“

דער פריעסטער האָט זיך אומגעווענדעט און געענטפערט:

„עס איז מיר זעהר אנגענעהם, מאַנסיע, זעהר אנגענעהם! אום 12 אוהר וועל איך בייא איך זיין.“

דערמיט האָבען אַלע ארבייטען וועגען דעם מאָרד, אויסגעזעהען געשלאָסען. מען האָט אָנגעפאַנגען צו געהען נעבען דעם ברעג פון דער ברונדילכע, פון וואַנען מען האָט געקענט זעהען פון וויטען, ארויס שטעקענדיג דעם שפּיטץ פון טהורם אין דער גרויסער און גרויער געביידע.

מונטער, לעבעדיג און לוסטיג איז דיא געזעלשאַפט אַהין אָנגעקומען, און מען האָט זיך געזעטצט צו טיש מיט אַ גאַנץ גוטען אַפּעטיט. נאָכדעם וויא דער ערשטער הונגער איז געשטילט געוואָרען, האָט מען זיך שוין ניט געאײלט. עס האָט זיך דאַן ענטוויקעלט אַ געשפּרעך איבער דעם מאָרד, און אַלע אַנוועזענדע האָבען איינגע־שטימט, אַז דער מאָרד איז ניט געווען קיין געפּלאַנטער, זאָנדערן אַ גאַנץ צופעּ־ליגער. דאָס הייסט, דאָס מעדכען האָט זיך געבאָדען אין דער ברונדיללע, דאַן איז עפּעס אַ פאַרבייגעהענדער לומפּ אָנגעקומען, זיא געזעהען ארויס קומענדיג, און ער האָט זיא פערגוואַלטיגט. מורא האָבענדיג ענטדעקט צו ווערען, האָט ער אויך דיא אונגליקליכע דערוואָרגען.

דאַן האָט יעדער גענומען אַבשיעד, און דיא בעאַמטע האָבען צוריק געקעהרט נאָך רואַי מיט דעם פערשפּרעכען, אַז אין עטליכע טעג ארום וועלען זייא ווידער ערשיינען.

דער אַרצט און דער גייסטליכער, איינוואָהנער פון דאָרף, זיינען אויך אַהיים געגאַנגען, און רענאַרדעט איז ארויס אַביסעל שפּאַצירען אויף'ן פעלד, דאַן אין וואַלד, און איז אַזוי צוגעקומען צו דעמזעלבען פּלאַטץ וואו דער מאָרד איז געשעהען. ער האָט ארום שפּאַצירט הין און צוריק, מיט דיא הענד אויף זיין רוקען, ביז אָבענד, און דאַן האָט ער צוריק געקעהרט אַהיים.

ער האָט זיך אונגעוועהנליך פריה געלעגט שלאָפען און האָט אַוועק גע־בראַכט ביז שפּעט אויף'ן אַנדערן מאָרגען. דאַן האָט מען איהם אויפגעוועקט, אַנצייגענדיג, אַז דער אונטערזוכונגס־ריכטער איז געקומען.

רענאַרדעט'ס געזיכט האָט דערבייא אַביסעל פערלוירען פון דער געוועהנליכער

רויטע פארב, אָבער ער האט זיך אונטערדרעסען אָנגעצוינען זיינע קליידער און איז אריין אין עמפּפאנגס־צימער.

דער ריכטער האט זיך גריבען די הענד און געוויזען א צופריעדענע מינע אויף זיין געזיכט.

„אזוי גאר, איהר זייט נאך געשלאָפען!" האט דער ריכטער אויסגערופען. אָבער מיר רוהען נים. ווייסט איהר, מיין פריינד, אז מיר האבען שוין היינט זעהר וויכטיגע נייעס?"

רענארדעט האט זיך פאַלקאָמען בערוהיגט און געפרעגט גלייכגילטיג:

„נייעס? וואס איז דאס פאר א נייעס?"

„אך! מערקווירדיגע נייעס! איהר געדענקט דאָך געוויס, וויא די אלטע ראָקע האט געכטען געהאלטען אין איין וויינען איבער איין אנדענקען פון איהר קינד, דאס היטעלע. גוט אלזא, שטעלט זיך פאָר: היינט פארטאָג, וועהרענד די אונגליקליכע מוטער האט געעפענט די טהיר פון איהר וואָהנונג, איז זיא נאך מעהר וויא איבערראשט געוואָרען. גראדע נעבען דער שוועל האט זיא ערבליקט שטעהענדיג די הילצערנע שיכלעך וואס איהר טאָכטער האט געטראגען. זיא האט מיר באלד דאריבער מיטגעטהיילט, און איך בין געקומען צום בעשלוס, אז דאס פערברעכען איז בעגאנגען געוואָרען פון יעמאנד, וואס געפינט זיך נאך דאָ אין דער געגענד. נאך מעהר, דער מערדער מוז זיין אזעלבער, וואס האט מיטלייד געהאט מיט דער מוטער, וועלכע האט פערלאנגט איין אנדענקען פון איהר קינד, און ער האט איהר אָבגעבראכט די שיכלעך זיך צו טרייסטען. אויסער דעם האט מיר געבראכט דער בריעף־טרעגער מעדעריק, דעם פינגערהוט, דאס נאָדעלטעשעל און דאס מעסער'ל פון דער טויטע.

„דאס בעווייזט אויך, אז דער מאן וואס האט אוועק געטראגען די קליידער, האט וועהרענד דעם געלאָזען ארויס פאלען דיעזע קלייניגקייטען פון די קעשענעס. דאס וויכטיגסטע אָבער, וואס איך בעטראכט, איז דאס צוריק ברענגען פון די שיכלעך. עס בעווייזט, ערשטענס, אז דער מערדער איז געריהרט געוואָרען פון דער מוטער'ס וועה־קלאגען, און צווייטענס, אז ער איז געוועזען בייא דער אונטערזוכונג. איך בין צו אייך געקומען זאגען, דאס ווען איהר בעטראכט דאס פיר רעכט, וועלען מיר מאכען א גענויע אונטערזוכונג אונטער אלע איינוואָהנער פון דער געגענד."

רענארדעט האט אפילו אויסגעזעהען פעראינטערעסירט, נאר אונטערדרעסען האט ער אן זיך אליין אויך נים פערגעסען. ער האט אָנגעקלונגען, א דיענער איז ערשיענען און ער האט בעשטעלט ווארעמעס וואסער צום ראזירען זיך.

„דאס וואס איהר דערצעהלט מיר," האט רענארדעט געזאגט זיך ווענדענדיג צום ריכטער, „איז מערקווירדיג, און אָהנע צווייפעל זעהר אינטערעסאנט. אָבער טראָטץ דעם אַלעמען, זעה איך ניט איין וויא אזוי מען קען דעם מערדער ענטדעקען. איבריגענס וויל איך ניט אָבלייקענען, אז עס געבען שוין גוטע שפּורען, אָבער עס דאַרף נאָך נעהמען א היבשע צייט ביז מען זאָל דעם ציעל ער־רייכען."

דער דיענער האט דערווייל אריינגעבראַכט וואסער.

מאַנסיע פּיטאָאַן האט זיך געמאכט גאַנץ בעקוועם און זיך געזעטצט אויף א שטוהל, וועלכען ער האט אויסגעבויגען מיט זיין רוקען און זיך געוויגט הין און צוריק.

רענארדעט האט צוגענומען דאס וואַסער פון דעם דיענער, אריינגעלעגט א שטיקעל זייף, און דאַן מיט א בערשטעל דאס צושלאָגען און געמאכט א גרויסען שוים און אָנגעפאנגען זיך איינצורייבען זיין מאָרדע, קוקענדיג אין שפּיעגעל. נאכדעם האט ער גענומען דאס ראזיר־מעסער, עטליכע מאל אָבגעגלעט אויף א רימען און דערווייל געזאגט:

„בייא דער אונטערזוכונג פון דיא איינוואָהנער, מוזען מיר אָנפאנגען רעגעל־מעסיג. דער ערשטער, דאס הייסט, דער הויפּט איינוואָהנער פון קאַרוועלין, איז יאָזעף רענארדעט, פּאָליטיקער, בעאמטער, רייך און איז גוטס־בעזיטצער. דערצו בעהויפּטעט מען, אז ער איז א גרויסער גראָביאַן, ניט נאָר איינעם גע־שלאגען......"

דער אונטערזוכונגס־ריכטער האט אויסגעבראָכען אין א מונטערעס גע־לעכטער.

„איין אויסגעצייכענטע בעשרייבונג," האט ער געזאגט נאָך אימער לאַכענדיג. „אַלזאָ, דאס איז דער ערשטער. יעטצט לאָמיר געהען ווייטער. ווער איז דער אנדערער?"

„דער צווייטער און הויפּט וויכטיגע פּערזאָן, איז מאַנסיע פּעללעדאַן, בהמות ערציהער, אויך א רייכער גוטס־בעזיטצער. איין איינגעשפּארטער בויערן קאָפּ, האט ליעב צו בייסען הינטערווייקלעכס, און וואס עס אנבעטרעפט געלד, וואָלט ער זיך בעסער געלאָזען אויפהייגגען איידער אויסצוגעבען א פראנק. אָבער, לויט נאָך מיין אנזיכט, איז ער אבסאָלוט אונפעהיג צו בעגעהען אזא שוידערהאַפטעס פּער־ברעכען."

דארויף האט מאַנסיע פּיטאַאַן בעמערקט:

„און ווער איז דער נעכסטער?“

אין דערזעלבער צייט, האט זיך רענאַרדעט אַבגעראַזירט, זיך ארום געוואשען און דאַן געענטפערט:

„מיר וועלען באַלד זעהען דאס אַלעס צו ברענגען אין אַרדנונג.“

ער האט זיך אַנגעצויגען און ביידע זיינען אריין אין זיין שרייב־צימער. דאָרט האבען זייא דורכגעזופט אלע איינוואָהנער, בעשפּראָכען גענוי יעדענס כאראקטער, און צו ענדע זיינען זייא געבליעבען בייא דיא נעמען פון דרייא פערדעכטיגע פּערזאָנען, וואס זיינען אימשטאנדע געוועזען אזא פערברעכען צו בעגעהען.

איינער פון דיעזע איז געוועזען א בעקאַנטער יענער מיט דעם נאמען קאוואללי, דער צווייטער, א קרעבס־פּישער מיט דעם נאמען פּאקע, און דער דריטער, איין אַקסען־טרייבער מיט דעם נאמען קלאָווים.

איבער דיעזע דרייא האט זיך דער אונטערזוכונגס־ריכטער פערצייכענט אלע זייערע נומע און שלעכטע אייגענשאפטען און איז אוועק מיט דעם ענטשלוס גוט נאכצופאָרשען איבער יעדען בעזונדער.

## פּיערטעס קאפּיטעל.

דיא געריכטליכע אונטערזוכונגען האבען געדויערט דעם גאנצען זומער. אָבער דעם פערברעכער, דאס הייסט, דעם מערדער פון דער קליינער ראָקע, האט מען נאך אַלץ ניט געפונען.

דיא פּערזאָנען, אויף וועלכע מען האט געהאט א פערדאכט און זייא ארעס־טירט, האבען זיך ארויס געוויעזען אלס פּאָלקאָמען אונשולדיג, נאכדעם זייא האבען גענוי אָנגעצייגט וואו זייא זיינען געוועזען אקוראט צו יענער צייט, ווען דער מאָרד איז בעגאנגען געוואָרען.

נאטירליך זיינען אזעלכע פעללע ניט זעלטען, און עס האט שוין אונצעהליגע מאָל פּאסירט וואס עהנליכע מאָרד־טהאטען זיינען בעגאנגען געוואָרען און מע האט דעם מערדער ניט געקענט געפינען. אויך יעטצט איז דאסזעלבע געוועזען, דער פּראָ־קוראָר האט איינגעזעהן אז יעדע אנשטרענגונג איז איין אומזיסטע ארבייט און מען האט אויפגעגעבען דאס זוכען פון דעם שולדיגען.

עס איז מערקווירדיג מיט דער מענשליכער נאטור. אמאל מאכט זיך, וואס א מענש ווערט ערמאָרדעט, מען זוכט דעם מערדער און מען געפינט איהם ניט,

און מיט א קורצע צייט שפעטער, ווערט אלעס פערשוויגען און פערגעסען. מיט דיעזען מארד איז אבער געוועזן גאנץ אנדערש, במעט דאס גאנצע לאנד האט דער־ מיט געקלונגען. מען האט גאר ניט אויפגעהערט דאריבער צו רעדען.

איבערהויפט, נאטירליך, האט דיא בעפעלקערונג פון דער אומגעגענד גאר ניט אויפגעהערט צו דענקען און רעדען דאריבער. עפעס האט זיך אויף יעדענס געזיכט אבגעלעגט א מינע פון שרעק, אנגסט, און א געהיימניספאלע פורכט האט זיך ביי יעדען איינקווארטירט.

„וואס זאל דאס זיין?" האט יעדער געפרעגט.

„ווער קען זיין דער מערדער?"

„ער איז אונטער אונז."

„קיין צווייפעל דאריבער."

„דיא געשיכטע מיט דיא הילצערנע שיף ביי דער מוטער'ס טהיר, איז נאך מעהר וויא געהיימניספאל."

אט אזעלכע רייד און טענות האבען גאר ניט אויפגעהערט צו בעשעפטיגען דיא איינוואהנער.

דיא געוויסהייט, אז דער מערדער האט בייגעוואהנט דיא אונטערזוכונג, נער־ ריהרט געווארען פון דער אלטער ראקע'ס שמערץ און דאן, צווישען אלע איינ־ וואהנער, אוועק און צוגעשטעלט דיא הילצערנע שיכלעך ביי דער אלטער'ס טהיר, האט קיינעם ניט געלאזען רוהען. מאנכע מאל איז עס אזוי ווייט געקומען, אז איינער האט פערדעכטיגט דעם צווייטען, און ניט נאר איינער האט בעהויפטעט, אז ער האט געוויס היינט אדער נעכטען געשפראכען מיט דעם געהיימניספאלען מערדער.

דיא דומהייט האט אויך ניט ווייניג איינפלוס געהאט. במעט אלע איינ־ וואהנער האבען דארט געגלויבט אין שדים און רוחות, און פיעלע פון זייא האבען דערצעהלט ווילדע חלומות, איבער וואבענדע פאנטאזיען און שוידערהאפטע עראיינגיסע, וויא אזוי דיא ערמארדעטע ערשיינט און טייטעלט מיט דיא פינגער אין פערשיעדענע זייטען, אנצוציינגען וואו איהר מערדער געפינט זיך.

איבערהויפט, האט מען ניט געוואגט צו בעטרעטען דעם פלאטץ אין וואלד וואו דער מארד איז געשעהען. עטליכע פרויען האבען דערצעהלט, דאס זייא האבען געזעהען דארט, פון גאנץ ווייט, גייסטער ארום טאנצען.

אמאל, מיט ציימען צוריק, פלעגען דיא איינוואָהנער פון דאָרף, אהין געהען שפּאַצירען זונטאג נאכמיטאג, זיך זעטצען אין דעם שאטען פון דיא מעכטיגע בוימער, אויף דעם שעהנעם אָון ווייכען גראָז, אָדער געהען נעבען ברעג פון וואסער. אויף אנדערע שטעלען אין דערזעלבער וואלד־געגענד, פלעגען דיא קינדער זיך אונ־טערהאַלטען מיט פערשיעדענע שפּיעלערייען, און אביסעל טיעפער וואו דיא בוימער זיינען געווען געדיכטער, האבען דיא עלטערע מיידלעך ליעב געהאט צו זיטצען און זינגען ליעדער, און דיא בחורים זאָלען זייא דאָרט אויפזוכען. איבערהויפּט, איז דאָרט געווען איין אויסגעצייכענטער פּלאַטץ זיך צו באָדען אין דער ברינדילע, ווייל דער ברעג איז געווען זעהר זאמדיג.

אָבער זייט דעם מאָרד, דאס הייסט, נאכדעם וויא מען האט דיא ער־מאָרדעטע פון דאָרט אוועק גענומען, האט קיינער מעהר געוואגט יענע שטעלען צו בעטרעטען. עס האט אויסגעזעהען, גלייך וויא יעדער האט ערווארטעט דאָרט צו טרעפען א טויטען, און וועלכער אייגנעבילדעטער און אבערגלויבישער מענש האט דאס ניט מורא פאר א טויטען מעהר וויא פאר א לעבעדיגען?

דער הערבסט איז ערשיענען.

דיא בלעטער האבען אָנגעהויבען געלב און רויט צו ווערען אויף דיא צווייגען פון דיא בוימער. דיא קעלט איז געוואָרען גרעסער, און דיא בוימער האבען אָנגע־הויבען פון זיך ארונטער צו ווארפען זייערע זומערדיגע קליידער, ביז מען האט שוין געקענט דורך דיא צווייגען דורכבליקען דעם הימעל.

אין יענער געגענד איז דער שטורם מאנכע מאל זעהר שטארק. ער ערשיינט מיט גרויסער געוואלט, רוישט, קראכט און פיהרט מיט זיך אמאל א פירכטערליכען רעגען.

אין אזעלכע צייטען, איבערהויפּט אבענד, ווען יעמאנד פון דיא איינוואָהנער איז געווען אין דרויסען, האט זיך איהם געדאכט, אז ער הערט דער קליינער ראָקע׳ס שטימע זיך דורכרייסענדיג דורך דעם שטורם און ווינט, און אָבקלינגענדיג איבעראל מיט א וועהמיטהיגען קלאנג־טאָן.

דיא רעגענס זיינען אין יענעם הערבסט געווען זעהר גרויס, און עס האט מאנכע מאל גערעגענט 36 שטונדען דורכאנאנד.

דיא ברינדילקע האט געפלאָסען שנעלער וויא געוועהנליך און מיטגעשלעפּט הויפענס מיט בלעטער פון וואלד. דאן האט זיך דאס וואסער צוגאָסען אויףביידע ברעגעס און האט גערוישט און געוויטהעט מיט א גרויסער געוואלט.

איין אונמוטה און א פחד איז געפאלען איבער אלע איינוואָהנער, און ניט נאָר קינדער מיט פרויען, זאָנדערן גאנץ גרויסע מענשען האבען זעלטען געוואגט אבענד, אין דער פינסטער, זיך צו ווייזען אויף דער גאס. דיא בעשטענדיגע רעדען איבער דער טויטער און גייסטער, האט אין יעדען אריינגעיאָגט א שרעק.

טראָטץ דעם אלעמען אָבער, האט רענארדעט וויעדער אָנגעפאנגען פאָרט־צוזעטצען זיינע בעזוכע אין וואלד וויא עס איז געוועזען צור צייט ווען דער בריעף־טרעגער מעדעריק האט איהם מיטגעטהיילט איבער דעם מאָרד.

דאס מערקווירדיגע דערבייא אָבער, איז, וואס רענארדעט איז אָהין ניט געגאנגען גראָדע בייא טאָג, זאָנדערן בייא נאכט, און ווען עס איז געוועזען אם פינסטערסטען.

ווען עס איז גוט טונקעל געוואָרען און רענארדעט האט זיך איבערצייגט, אז זיין דיענערשאפט איז שוין פערטיג מיט דער ארבייט, איז ער ארויס פון זיין הויז, ארונטער דיא טרעפען פון דער וועראנדא מיט לאנגזאמע שריטע, און פערזונקען אין געדאנקען, מיט דיא הענד אין זיינע קעשענעס, איז ער אוועק און פערשוואונדען געוואָרען צווישען דיא בוימער.

א היבשע צייט האט ער געוואנדערט איבער דעם פייכטען און ווייכען גראָז, און האט וועהרענד דעם אויסאנאנדער געטריעבען א גאנצע מחנה וואָראָנעס, וועלכע זיינען אהין געקומען נעכטיגען פון א בענאכבארטער געגענד. דאָ ליענט א נאכט־איילע טרויעריג, געוואָרטשעט ערגיץ אויף א צווייג און איהר ווידער־קול האט שווידערהאפט אָבגעקלונגען אין ווייטען און איינזאמען וואלד.

רענארדעט האט געוואנדערט אין דיזער אונהיימליכער געגענד, גלייך וויא יעמאנד וואָלט איהם אָנגעטריעבען. מאנכע מאָל האט ער פאר שרעק אויפגע־ציטערט און זיין גאנצער ריעזיגער קערפער האט א טרייסעל געטהאָן.

ער האט געקענט אזוי לאנג וואַנדערן, אָהן ציעל און אָהן ריכטונג, ביז שפעט אין דער נאכט, ווען זיינע פיס זיינען אונגעהייער מיעד געוואָרען און ער האט גע־מוזט צוריק קעהרען אהיים.

צוריק געהענדיג אהיים, איז ער אימער שנעלער געגאנגען, זיך מעהרערע מאָל אומגעקוקט אויב יעמאנד געהט איהם ניט נאך און צייטענווייז ארויס געלאָזען א שווערען זיפץ, פאר וועלכען ער האט זיך אליין מעהרערע מאָל דערשראָקען.

ווען ער איז ענדליך אָנגעקומען אהיים, איז ער אריין אין זיין צימער, וויא געוועהנליך דורכגענעטצט פון רעגען, זיך אוועק געזעטצט אין א ברייטען שטוהל,

נעגענאיבער דעם מונטערן פייער אין קאמין. זיינע קאלטע און נאסע פים האט ער צונערוקט נעהנטער צום פייער און דיא היטץ האט אָנגעפאנגען אויסצודאמפפען דאס וואסער פון זיינע קליידער.

אין דיעזען צושטאנד האט ער געקענט אַבזיטצען שטונדען־לאנג, ביז ער אין איינגעדרעמעלט, אָבער ער האט וויא געוועהנליך ערוואכט מיט א ציטער.

## פינפטעס קאפיטעל.

אין א פריה־מאָרגען האט זיך פערברייטעט א וויכטיגע נייעס איבער דעם דאָרף. רעגאַרדעט האט נעמליך בעשלאָסען צו לאָזען אויסהאקען זיין וואלד.

„איז ער משוגע געוואָרען?“ האט איין בויער געפרעגט.

„צו וואס טהוט ער דאס?“

„ער איז איינפאך פעררי‍קט.“

אזוי האבען דיא בויערן צווישען זיך גערעדט, און דערווייל זיינען שוין ער־שיענען צוואנציג האָלץ־העקערס צו דער ארבייט.

דיא האָלץ־העקערס האבען געהאט דעם אויפטראג, אָנצופאנגען זייער ארבייט פריהער נעבען רעגאַרדעט׳ס הויז און פון דאָרט, פאר אַלעמען, אויסהאקען דיא בוימער.

רעגאַרדעט איז אליין געשטאנען דערבייא, און אונטער זיין פערזענליכער אויפזיכט, האט אָנגעפאנגען דיא ארבייט.

דיא ארבייט האט אָנגעפאנגען גאנץ רעגעלמעסיג. איין האָלץ־העקער איז וויא געוועהנליך ארויף געקראָכען אויף א בוים, אויבען צוגעבונדען א דיקען שטריק און דאן ארונטער געוואָרפען דעם שטריק צו זיינע קאמעראדען. דיעזע האבען דעם שטריק אויפגעהויבען און צוגעבונדען צו דעם וואָרצעל פון איין אנדערן בוים, גאנץ פעסט איינציהענד, זאָ דאס דער שטריק איז געבליעבען אויסגעצויגען וויא איין אייזערנע שטאנג.

נאכדעם האט אָנגעפאנגען דיא ארבייט פון אונטערזעגען. צווייא האָלץ־העקערס האבען זיך אוועק געשטעלט מיט א שארפען זעג און אָנגעפאנגען צו שניידען דעם בוים. וואס מעהר מען האט איהם איינגעשניטען, אלץ מעהר האט ער זיך אויסגעבויגען צו דער זייט וואוהין דער שטריק האט איהם געצויגען, און ענדליך, ווען ער האט זיך שוין מעהר ניט געקענט האלטען, איז ער אומגעפאלען מיט א פירכטערליכען קראך.

צו יעדער צייט, וואס א בוים האט בעדארפט אומפאלען, האט איינער פון דיא ארבייטער אויסגעשריען מען זאָל זיך היטען, און דאן איז דער בוים אומגע־פאלען, אָהנע יעמאנדען צו שאדען.

אויף דיעזער ארט איז דיא ארבייט יעדען טאָג פאָרטגעזעטצט געוואָרען, און דער וואלד, גראדע וויא איין ארמעע וואס פערלירט סאָלדאטען, איז פון צייט צו צייט קלענער געוואָרען.

רענארדעט האט אויסגעזעהען שטארק פעראינטערעסירט מיט דיעזער אר־בייט, און ער איז פון דער פריה ביז נאכט געשטאנען דערבייא און אויפגעפאסט איבער יעדער בעוועגונג. אין דערזעלבער צייט האט ער אויסגעזעהען גאנץ גלייכ־גילטיג וויא זיין הערליכער וואלד ווערט הינגעריכטעט.

ווען מען האט א בוים אָבגעשניטען און אומגעוואָרפען, האט ער ליעב געהאט אויף איהם ארויפצושטעלען א פוס און איהם בעטראכטען. דאן האט ער געווענדעט זיין בליק צו דיא אנדערע בוימער, מיט איין ארט שטילער אונגעדולד, גלייך וויא ער וואָלט שוין ניט געקענט אזוי פיעל ווארטען אויף זייער פערניכטונג.

אזוי ארבייטענדיג, האט מען זיך דערוויילע דערנעהענטערט צום פּלאטץ וואו דיא קליינע ראָקע איז געפינען געוואָרען ערמאָרדעט.

עס איז געוועזען אין א פארנאכט, צווישען זונען־אונטערגאנג און נאכט, ווען מען האט יענע שטעלע דערגרייכט.

אזוי וויא עס האט אָנגעהויבען פינסטער צו ווערען און דער הימעל האט זיך אויף אביסעל פערוואָלקענד, האבען דיא האָלץ־העקערס געוואָלט בלייבען שטעהען מיט זייער ארבייט. זייא האבען געהאלטען אקוראט אין מיטען זעגען א גרויסען בוים, אָבער, לויט זייער אויסרעכנונג, האבען זייא דאס דאמאָלס שוין ניט געקענט אָב־פערטיגען און געוואָלט איבערלאָזען אויף מאָרגען.

רענארדעט האט געהערט פון זייער בעשלוס און זיך דאגעגען געשטעלט.

„וואס איז דאס מאָרגען?“ האט ער געפרעגט. „ווארום ניט היינט, שוין? זייט ניט אזוי פויל און מאכט פערטיג וואס איהר האט אָנגעפאנגען.“

דער בוים איז געוועזען אונגעהייער גרויס און דיק, און ער האט מיט זיינע צווייגען, לעטצטען זומער, געבילדעט א שאטען איבער דעם פּלאטץ וואו דער מאָרד איז בעגאנגען געוואָרען.

נאטירליך האט מען ניט געקענט ווידערשפּרעכען רענארדעט'ן, און דיא ארבייטער האבען זיך גענומען אום דעם בוים צו שטירצען. מען האט נאך ווייטער

געזוגט, אָבער ער איז דאָך ניט געפאלען. ער איז געווען צו שטארק דאפיר, און וואהרשיינליך אויך ניט גענוג איינגעזעגט.

אום שנעלער פערטיג צו ווערען, זיינען צוגעגאנגען צוויא מענער צו דעם צווייטען בוים וואו דער שטריק איז געווען צוגעבונדען, און ווייטער אָנגעפאנגען איינצוציהען מיט אלע זייערע קרעפטען. א פּאאר אנדערע האבען זיך געשטעלט נעבען דיא זעגערס, צוגעשפּארט זייערע ברייטע שולטערן און געשטופּט דעם בוים אום ער זאָל שנעלער פאלען.

רענארדעט איז אויך צוגעגאנגען, וואהרשיינליך העלפען. אָבער זיין הילפע האט ער אָנגעווענדעט אויף א מערקווירדיגער ארט. דאס הייסט, אנשטאט צו שטעהען דאָרט וואו מען האט געזוגט אום צו שטופען דעם בוים, האט ער זיך אוועק געשטעלט פון דער אנדערער זייט און געלייגט זיין האנד אויף דעם דיקען וואָרצעל.

איינער פון דיא האָלץ־העקערס האט דאס בעמערקט און אויסגערופען וואָרנענדיג:

„מאָנסיע רענארדעט, ענטשולדיגט מיר! איהר מוזט פון דאָרט אוועק געהען. איהר שטעהט זעהר אויף א שלעכטען פּלאטץ. ווען דער בוים זאָל אומ־פאלען, קען ער אייך נאך אונגליקליך מאכען."

רענארדעט האט איהם צוגעוואָרפען איין אונפערשטענדיגען בליק, דאן האט ער אָבגעווענדעט זיינע אויגען פון דעם רעדנער און געשוויגען, זיך ניט ריהרענדיג פון דעם פּלאטץ.

פּלוצלינג האט דער בוים, דאָרט וואו מען האט איהם געזעגט, זיך געגעבען א בראָך אָדער א ריס, וואס האט אויסגעזעהען וויא א שמערצענס־געשרייא ארויס שטויסענדיג פון דעם אלטען בוים. דאן האט זיך זיין אויבערער טהייל מעהר צו־געבויגען צו דער זייט פון דעם שטריק, און האט אויסגעזעהען בערייט אומצופאלען. אָבער אזוי שנעל האט דער אלטער ריעז זיך נאך ניט אונטערגעגעבען; ער האט געמוזט פאלען שווער קעמפּפענדיג.

„נאך אביסעל איינשניידען!" האט איינער בעפוילען.

„קום אהער זשאן!" האט א דריטער געשריען. „העלף מיר מעהר איינציהען דעם שטריק."

דיא זעג האט אָנגעפאנגען איהר ארבייט, און אין עטליכע סעקונדען ארום האט זיך געהערט א צווייטער קראך.

רענארדעט איז אָבגעשפּרונגען פון נעבען בוים, געמאכט עטליכע שריט ריק־ווערטס, און איז געבליעבען שטעהען אקוראט היגטער דעם פאלענדען בוים. עס איז געוועז דיא פּאָזיציאָן פון א מאן וואס האט זיך פּאַרבעררייטעט צו עמפּפאנגען דעם טויטליכען קלאפּ, פון וועלכען ער מוז צערשמעטערט ווערען.

א פּאאר ארבייטער האבען ארויס געשטויסען א דערשראָקענעם און ער־שטוינטען „אך!"

דאן האט געפּאָכט דער דריטער און שטארקעסטער קראך, און מיט דעם אויך דער בוים.

אָבער, מערקווירדיג, וויא דורך א וואונדער, האט דער בוים געמאכט א לייכטע ווענדונג אויף א זייט, און איז געפאלען אביסעלע ווייטער פון רענארדעט'ן. אונטערדעסען האבען איהם געטראָפען דיא צווייגען, וועלכע האבען איהם ניעדער־געשמעטערט צו דער ערד.

ווען דיא ארבייטער האבען דאס דערזעהען, זיינען זייא שנעל צוגעלאָפען איהם אויפצוהייבען. אָבער רענארדעט האט זיך אליין אויפגעשטעלט אויף זיינע קניען, וואו ער איז געבליעבען שטעהען בעטויבט און פערווירט מיט א ווילדען בליק אין זיינע אויגען. ער האט צוגעלייגט דיא האנד צו זיין שטערען, זיך געריבען און עפּעס געווישט, גלייך וויא ער האט זיך געוואָלט אן עפּעס ערמאינערן.

דיא מענער זיינען געבליעבען שטעהען ארום, און רענארדעט האט זיך נאך איין אנשטרענגונג אויפגעשטעלט אויף זיינע פיס.

יעדער פון דיא ארבייטער איז געוועזן פערוואונדערט און איבערראשט, און זייא האבען ניט בעגריפען וואס עס איז געשעהען.

„אָבער, מאָנסיע רענארדעט," האט איינער ענדליך געפרעגט, „וויא קומט איהר אהער? איהר האט דאך געזעהען וויא דער בוים פאלט?"

רענארדעט האט אנפאנגס עפּעס געשטאמעלט אונפערשטענדליכעס, נאר נאך א פויזע, האט ער אויסגעזעהען צו פאסען מוטה, און מיט א געצוואונגענעם שמייכעלע האט ער געענטפערט:

„אט האב איך געמיינט, אז איך בין נאך א קינד, א יונגעל, און איך וועל קענען שטעהען ביז דער בוים פאלט, און זאָפאָרט ארויס שפּרינגען פון גע־פאהר. אָבער עס איז מעהר ניט יענע יאָהרען, דיא יוגענד איז פערשוואונדען, און אויף דער עלטער פערלירט מען דיא לייכטיגקייט פון דעם קערפּער."

d

אלע האבען געשוויעגען, און ער האט פאָרטגעזעטצט מיט א געצוואונגענער מונטערקייט:

„עס איז אלזאָ געווען א דומהיים פון מיין זייט, הא?"

דיא ארבייטער האבען עפּעס בעמערקט וואס ער האט ניט געהערט, און דאן האט ער זיך אָבגעווענדעט און אָנגעפאנגען אהיים צו געהען אנזאגענדיג דיא מענער:

„מאָרגען, מיינע פריינדע! מאָרגען צור ארבייט!"

## זעקסטעס קאפּיטעל.

זאָ שנעל וויא ער איז צוריק געקומען אהיים, האט זיך רענארדעט געזעטצט בייא זיין טיש, וואו עס איז געשטאנען א לאָמפּ מיט א גרויסען שירם ארום אום ארונטער צו שלאגען דאס ליכט. ער איז געזעסען עטליכע מינוטען און געבליקט צום העלכען ליכט, דאן האט ער ארויף געשטעלט ביידע עללענבויגענס אויף'ן טיש, אריינגעליינט זיין קאָפּ צווישען ביידע דאלאָניעס און אָנגעפאנגען העפטיג צו וויינען.

ער האט געוויינט א לאנגע צייט, ביז עס האט אויסגעזעהען, אז זיינע אויגען האבען מעהר קיין טרערען. ער האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, זיך אויסגעריבען דיא אויגען און א בליק געגעבען אויף דער וואנט־אוהר געגענאיבער איהם.

עס איז נאך ניט געווען דיא צייט פון נאכטמאָהל.

„פאר'ן עסען האב איך נאך צייט," האט ער געמורמעלט גאנץ שטיל צו זיך אליין.

ער האט זיך אויפגעהויבען, צוגעגאנגען צו דער טהיר, געעפענט און איז ארויס אין הויף. דאָרט האט ער פאָרזיכטיג צוגעשלאָסען דעם טויער און צוריק געקעהרט אין הויז.

ווען ער איז ארויף געקומען אין צימער, האט ער זיך ווידער געזעטצט בייא זיין שרייב־טיש, ארויס געצויגען דעם מיטעלסטען שופלאָדען און פון דאָרט ארויס גענומען א רעוואָלווער, זעהר פיין אָבגעפוצט, וועלכער האט שטארק געגלאנצט אין שיין פון לאָמפּ. ער האט דעם רעוואָלווער בעטראכט און לאנגזאם אוועקגעליינט אויף דיא פאפּירען פון דעם טיש.

דאס בלאנקע שטאָהל פון דעם רעוואָלווער האט געגלאנצט און פון זיך געוואָרפען שטראהלען הין און צוריק.

רענארדעט האט א היבשע צייט בעטראכט דעם רעוואָלווער מיט טריבע און מאטע אויגען, גלייך וויא ער וואָלט געוועזען בעזויפען. דאן איז ער פּלוצלינג אויפגעשטאַנען און אָנגעפאַנגען צו לויפען.

ער איז געלאָפען פון איין עק צימער צום צווייטען און האט זיך צייטענווייז אָבגעשטעלט, אום מיט דערזעלבער שנעלליגקייט וויא פריהער נאך אמאל צו לויפען.

דאן איז ער צוגעלאָפען צו דעם קליידער־שראנק, מיט געוואַלט אויפגעריסען דיא טהיר, ארויס גענומען א האנדטוך, איינגענעטצט אין א וואסער־קרוג און זיך צוגעלייגט צום שטערען, גראדע וויא ער האט געטהאָן אין יענעם פריה־מאָרגען ווען דער מאָרד איז ענטדעקט געוואָרען.

דאן האט ער ווידער אמאל אָנגעהויבען צו לויפען וויא א משוגענער איבער דעם צימער.

יעדעס מאָל ווען ער איז פארביינגעלאָפען נעבען טיש, האט ער וויא אונווילענדיג געוואָרפען זיין בליק אויף דעם גלענצענדען רעוואָלווער און זיינע הענד האט זיך קראמפּפהאפט געדרונגען אום צו נעהמען דיא וואפען אין האנד. דאן האט ער זיך געווענדעט צו דער וואנט־אוהר און געמורמעלט:

„איך האב נאך צייט.“

עס האט געשלאָגען האלב זיעבען.

ער האט געגריפען דעם רעוואָלווער אין זיין האנד, אויפגעריסען זיין מויל, בייא וועלכען ער האט אויסגעדריקט א שרעקליכע מיענע אויף זיין געזיכט, אריינגעשטעקט דיא רעהר פון רעוואָלווער אין מויל, גאנץ טיעף, גלייך וויא ער וואָלט וועלען איינשלינגען דיא וואפען.

אזוי זיינען פאַראיבער עטליכע סעקונדען. ער איז געשטאַנען אויף'ן פּלאַטץ, אָהנע ער זאָל זיך ריהרען, דעם פינגער האלטענדיג ביים דריקער פון דעם רעוואָלווער. אָבער פּלוצלינג האט ער ארויס געריסען דעם רעוואָלווער פון מויל, זיין מעכטיגער קערפּער האט אויפגעשווידערט, און דער רעוואָלווער איז ארונטער געפאַלען אויף'ן קארפּעט פון דעם פוס־באָדען.

בליפּענדיג, וויא א קינד, איז ער אומגעפאַלען אויף'ן זיין שטוהל.

„איך קען ניט! איך קען ניט!“ האט ער געקלאגט. „איך געטרויע עס מיר ניט! מיין גאָט! מיין גאָט! וואס זאָל איך טהון? וואס זאָל איך טהון אום צו האבען דעם מוטה מיר צו נעהמען דאס לעבען!“

עס האט זיך געהערט א קלאפ אין טהיר.

רענארדעט איז אויפגעשפרונגען.

א דיענער האט געזאגט:

„דאס עסען שטעהט פארטיג אויפ׳ן טיש. מאַנסיע רענארדעט איז ערזוכט ארונטער צו געהען.“

רענארדעט האט געצעגערט, אָבער דאן האט ער געזאגט:

„גוט, גוט, איך וועל באלד קומען.“

דער דיענער איז אוועק.

רענארדעט האט זיך אָנגעבויגען, אויפגעהויבען דעם רעוואָלווער, און גלייך וויא ער וואָלט מורא געהאט איהם צו האלטען אין דער האנד, האט ער איהם שנעל אריינגעלייגט צוריק אין שופלאָדען. ער איז נאכדעם געבליעבען שטעהען וויא אונענטשלאָסען און ניט געוואוסט וואס אָנצופאנגען.

אזוי טראַכטענדיג, איז ער צוגעגאנגען צום פיער־עקיגען שפיעגעל וואס איז געהאנגען אויף דער וואנט, זיך אָנגעקוקט, און, וויא עס שיינט, איז ער צופריעדען געוועזען מיט זיין אויסזעהען. ער איז זיך זעלבסט ניט פאַרגעקומען אזוי פערענדערט. זיין געזיכט איז נאך אימער געוועזען רויט, און פיעללייכט אביסעל רויטער וויא געוועהנליך. זאָנסט האט קיינע אנדערע ענדערונג איינגעטרעטען.

ער איז ארונטער געגאנגען און זיך געזעטצט צו טיש, וואו דיא שפייזען זיינען שוין געוועזען פאַרבערייטעט.

ער האט געגעסען לאנגזאם, וויא איינער וואס וויל אזוי לאנג עסען, וויא נאָר מעגליך אום אויסצוציהען דיא צייט. נאך א היבשער צייט, איז ער ענדליך פערטיג געוואָרען, ארויסגענומען א ציגארע, פעררויכערט און העפטיג געצויגען דעם רויך. דאס רויכען איז גראדע געוועזען דער געגענטהייל פון זיין עסען. געגעסען האט ער זעהר לאנגזאם און גערויכערט אונגעהייער שנעל.

וויא ער איז פערטיג געוואָרען מיט דער ציגארע, איז ער ווידער אריין אין זיין צימער.

רענארדעט האט פערשלאָסען דיא טהיר, געבליעבען שטעהען, זיך צו עפּעס איינגעהערט, דאן האט ער זיך אָנגעבויגען, געקוקט אונטער דעם בעט, אויפגעמאכט אלע שראנקען, אויסגעפאָרשט יעדען ווינקעל, און בעקוקט און בעזוכט דאס מעבעל.

דאן האט ער אָנגעצונדען צוויא גרויסע ליכט וואס זיינען געשטאנען איבער דעם קאַמין. וויא ער איז פערטיג געוואָרען מיט דיעזער ארבייט, האט ער זיך שנעל

אומגעדרעהט, גלייך ווי איינער וואס האט פלוצלינג דערהערט יעמאנדען רעדען הינטער זיינע פלייצעס. ער האט נאך אמאל זיך אויסגעקוקט אין צימער, און אויף זיין געזיכט האט זיך אבגעשפיעגעלט אזא מיענע פון אנגסט און שרעק, זא דאס דיא הויט פון זיין פנים האט דערבייא אויסגעזעהען ווי לעדער.

יא, רענארדעט האט געוואוסט גאנץ גענוי, אז אויך היינטיגע נאכט וועט זיך איהם ווידערהאלען דאס שוידערהאפטע בילד פון דיא לעטצטע נאכט, און דיא קליינע ראקע וועט ערשיינען, — יא, דאס קליינע מיידעל, וועלכע ער האט פער־גוואלטיגט און דערווארגען!

יעדע נאכט, מיט א געוויסער רעגעלמעסיגקייט, איז פאר איהם ערשיענען דאסזעלבע שרעקענס־בילד. צום ערשטען מאל האט עס בייא איהם אויסגעזעהען אין שלאף, ווי איין ארט שנארכען, דאן ווי דער גערויש פון א דרעש־מאשין, שפעטער ווי דאס שטירמישע פארבייא לויפען פון א שנעלל־צוג אויף א בריק, און גאר לעטצטענס.... איז עס געווארען דאס שרעקליכע זעלבסט.

ער האט געהערט קרעכצען, ועהמיטהיגעס קלאגען, אויסגעמישט מיט א ליארם פון מיליאנען הינט האווקען, און דאס האט ניט נאר איינמאל פעראורזאכט, וואס עס האט איהם צוזאמען געצויגען דעם נארגעל. ער האט דערפאר, אימער פאר'ן שלאפען, זיך גוט אויפגעקנעפעלט זיין העמד און נאכגעלאזען דעם גארטעל פון זיינע אונטער־הויזען.

יא, עס איז וואהר, דאס בלוט ווערט פערגליווערט פון שרעק. רענארדעט האט עס ניט נאר איינמאל געשפירט, און אום דאס בלוט ווידער צו זעטצען אין צירקולאציאן, פלעג ער אויפשפרינגען פון בעט, לויפען הין און צוריק אום זיך צו דערווארעמען. דאן האט ער פראבירט צו לעזען, און מאנכע מאל זאגאר אויך צו זינגען. אבער אלעס אומזיסט. קיין זאך האט געהאלפען.

ווי אוממיסען האט זיך אלעס אומגעווענדעט געגען זיין ווילען, איהם אויף להכעיס. וואס ער האט געטהאן און איבער וואס ער האט געדענקט, האט זיך אנגעפאנגען צו ענטוויקלען און בעווייזען דאס בילד פון יענעם טאג אין וועלכען ער האט בעגאנגען דעם מארד. דיא גאנצע סצענע פון דעם פערברעכען האט זיך איהם פארגעשטעלט און נעדרענגט ניט נאר אין זיינע געדאנקען, זאנדערן אויך פאר זיינע אויגען.

ער האט געזעהען אלע איינצעלהייטען, יעדע קליינינקייט, און דאס האט אין איין מינוט געקענט אויפקאכען זיין בלוט, ועהרענד אין דער צווייטער פערגליווערן זאגאר זיין מארך.

## זיעבעטעס קאפיטעל.

פיעלע שופטען, באנדיטען, פערברעכער, לומפען, רויבער און מערדער, טראגען מאסקעס, און עס געלינגט זייא זיך צו פערשטעלען פאר דער וועלט. זעלטען געלינגט עס זייא אָבער זיך צו פערשטעלען און בעהאלטען פאר דעם איינענעם געוויסען. אָט דיעזעס געוויסען וועקט, מונטערט, מאטערט און פלאגט מאנכע מאָל פיעל שרעקליכער וויא דיא מארטער־מאשינען פון דיא גרויזאמסטע געפענגנים־פערוואלטער.

ווען רענארדעט איז אויפגעשטאנען אין יענעם מאָרגען, דער מאָרגען פון זיין שרעקליכעם פערברעכען, האט ער אויסגעזעהען און געפיהלט וויא איינער וואס איז ניט געוואָהנט צו שיכרות, ווען דורך א צופאל האט ער זעהר פיעל געטרונקען. רענארדעט האט געשפירט איין ארט בעטויבונג און א לייכטען קאָפּ־שמערץ. ער האט געוואוסט גאנץ גוט, אז ער האט ניט געטרונקען, און ער האט זיך דאס אלעס ערקלערט, אז עס קומט פון דער היטץ.

ער האט אימער געהאט א טבע, אויפצושטעהען גאנץ פריה, ארום געהען אין זיין גארטען און זיך מאכען טהעטיג. ער איז אָבער אין יענעם פריה־מאָרגען ניט ארויס געגאנגען, ער איז שוין פערבליעבען אין הויז ביז פריהשטיק.

רענארדעט איז געגאנגען עסען וויא געוועהנליך און נאכדעם האט ער זיך צוגעלייגט אביסעל רוהען. ערשט שפעט נאכמיטאג, איז ער ארויס פון הויז, אום איינצואטהמען דעם פרישען ווינט וואס קרעפטיגט דיא נערווען און ערהאָלט דעם גאנצען קערפער. דיעזע אנגענעהמע לופט האט ער געזוכט צו געניעסען צווישען דיא געדיכטע אלטע בוימער פון זיין וואלד.

אָבער רענארדעט האט דיעזעס מאל געהאט א טעות. זאָ שנעל וויא ער איז ארויס אויף דער פרייער לופט, האט דיא פרישקייט אויף איהם נאך מעהר געווירקט אום איהם צו בעטייבען. ער האט זיך געשפירט מאט, מרה־שחורה'דיג, אויפגערעגט און אונצופריעדען מיט זיך זעלבסט און מיט אלעמען ארום זיך.

דיא זונן, וועלכע איז געשטאנען עטוואס ווייטער וויא אין מיטען הימעל, האט ארונטער געשליידערט צו דער פערטרוקענטער און דאָרשטיגע ערד, שניידענדע און ברענענדע שטראהלען. אלעס האט אויסגעזעהען אומעטיג און מאט; זאָגאר דער ווינט האט אויסגעזעהן אָבגעשטאָרבען, דען קיין הויך האט זיך געציינט, קיין בלעטעל

האט זיך בעוואוינען. אפילו דיא ברינדילכע האט אויסגעזעהען צו האבען פערלוירען איהר קראפט, זיא האט געפלאָסען שלעפעריג און ערמידעט.

רענארדעט האט געשפירט א דריקען און שמערצען אין גאנצען קערפער. איהם האט זיך געדאכט, גלייך וויא א געהיימניספאָלע און אונבעקאנטע האנד האט זיך ארונטער געלאָזען אויף זיין האלז און איהם צוגעשנירט, איינגעצויגען און איינגעדריקט.

איבער וואס האט ער געדענקט? איבער וואס האט ער געטראכט? איבער וואס האט ער געזאָרגט?

רענארדעט האט ניט געזאָרגט, ניט געטראכט און ניט געדענקט. דען ער האט וויא געוועהנליך זעהר וועניג געדאנקען געהאט אין זיין קאָפּ.

אָבער דאָך, האט איהם אונווילענדיג, פערפאָלגט, איין איינציגער געדאנק. דאס האט שוין געדויערט איבער א פיערטעל יאָהר. עס איז געווען הער געדאנק ווידער אמאל צו הייראטהען און נאך אמאל האבען א ווייב.

צו לעבען אליין, איז איהם געוואָרען שווער און אונערטרעגליך.

רענארדעט'ס איינציגער געדאנק איז געווען, צו האבען א פרוי, זיא שפירען נעבען זיך, אימער, זאָגאר יעדען אויגענבליק, וויא ער איז געוואָהנט געוואָרען. זיא אומארמען און געברויכען צו יעדער צייט ווען ער האט געשפירט דיא בעדירפניס פון איהר.

ער האט געשפירט דיא נויטהווענדינקייט פון א פרוי, איהר צו בעפעהלען וועגען זיין פערגניגען און רייץ, און לעשען זיין ברענענדען געגנוס־דורשט, אין איהרע קישען און צערטליכקייטען.

מיט דעם טויט פון מאדאם רענארדעט, האט ער אָנגעהויבען צו ליידען אונגעהייערע שמערצען. ער האט געליטען, אָבער ער האט זיך אנפאנגס אליין ניט בעגריפען. ער איז צוגעוואָהנט געוואָרען זייט יאָהרען, זיא צו זעהען פארביינעהען נעבען איהם, בעריהרען מיט איהר קלייד זיינע פיס, זיין ראָק און זיינע הענד. אָבער הויפטזעכליך האט ער געליטען דאדורך וויל ער האט מעהר קיין רוה געקענט געפינען אין איהרער אומארמונג.

עס זיינען נאך קיינע זעקס מאָנאט פאָראיבער, זייט ער איז געבליעבען איין אלמן, און ער האט שוין אָנגעפאנגען צו זוכען אין דער אומגעגענד, װעלכעס מעדכען עס וועט קענען ערזעטצען דיא שטעלע פו זיין פרוי.

אזא מאן וויא רענארדעט, וועלכער האט געלעבט פיר עסען און געניעסען, האט ניט געקענט זיין אָהן קיין ווייב אפילו איין טאָג. אָבער ער האט געמוזט

איבערוואַרטען די טרויער־צייט נאָך זיין פרוי. ער האט ניט געקענט פריהער עפּעס טהון, עס פּאַסט ניט. נאכדעם, האט ער בעשלאָסען, זאָפאָרט ווידער אמאל צו הייראַטהען.

מאַדאַם רענאַרדעט איז געווען א רעכטשאַפענע און גוטע פרוי. אנפאַנגס, דאַס הייסט, באַלד נאָך דער חתונה, האט זיא געליטען פון דעם ווילדען און ריזיגען כאַראַקטער פון איהר מאַן. אָבער עס האט ניט פיעל געדויערט, און זיא האט זיך צו איהם צוגעוואָהנט. דאַן האט עס אַזוי וויט געגרייכט, אַז גראַדע וויא ער האט ניט געקענט לעבען אָהן איהר, אַזוי האט זיא ניט געקענט זיין אָהן איהם. ביידע זיינען געוואָרען וויא איין פּערזאָן, לעבענדיג בלויז גוט צו עסען, גוט צו טרינקען און האבען גענוס איינער פון דעם צווייטען.

כל־זמן רענאַרדעט האט געלעבט מיט איהר און ערפיללט זיין וואונש יעדעס מאָל וואַס ער האט פערלאַנגט, איז עס אַזוי וויט געקומען, דאַס ער האט דאַס אַלעס מעהר ניט בעטראַכט פאַר קיין נויטהווענדיגקייט וואס מען דאַרף געהן זוכען. ער האט אין זיין פרוי געזעהען דיא בעדירפניס פון זיין קערפּער אָהנע ווייטער צו דענקען דאַריבער.

אָבער וויא זיא איז געשטאָרבען, האט ער ערשט ערפאַהרען, אַז עס פעהלט איהם עפּעס.

רענאַרדעט איז געווען בטבע איינער פון יענע „פרומע נשמות," וואס וויל זיך ניט בלאַמירען פאַר קיינעם און איז פעסט ענטשלאָסען קיין שריט צו מאַכען ארויס פון זיין עטיקעטע לעבען. דאַס אַלעס האט ער גאַנץ גוט געקענט אויספיהרען, כל־זמן ער האט געהאַט א פרוי וואַס האט איהם אימער צופריעדען געשטעלט, און ער האט קיין אינטערעסע געהאַט צו געהען זוכען אנדערע. אָבער יענע צופריעדענ־שטעלערין איז שוין געלעגען קאַלט אין קבר, און זיין גוט־גענעהרטער און מעכטיגער קערפּער, האט געפאָדערט איין אנדערע אויף איהר שטעלע.

ווען דיא פאַנטאַזיען איבער פרויען און רייץ זיינען פאַר איהם ערשיענען, האט ער זייא פערטריעבען און פעריאָגט. דאַן האבען דיעזע בילדער איהם בעאונרוהיגט אין שלאָף. ער האט זייא נאָך אמאל פערטריעבען. נאָר זייא האבען צוריק גע־קעהרט.

ער האט געהאַט א ברוטאַלען ווילען און געקענט מיט דיעזען ווילען פיעל אויפטהון. בעסער געזאגט, ער האט געהאַט איין איינגעשפּאַרטע אָדער האַרט־נעקיגע נאַטור און ער האט געקענט אמאל זאָגאַר איבער זיך זעלבסט זיעגען.

דיעזעם מאל, האט ער אָבער געהאט א געוויכען טעות. ווען עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער האט געזיענט, איז דאס מעהר ניט געווען וויא א וואסער וואס מען האט בעסער פערשפּארט עס זאָל ניט ארויס, אום עס זאָל אָבער צוריק קעהרען צום אנגריף פיר בעפרייאונג מיט נאך א גרעסערער קראפט.

צור צייט וואס עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער האט בעזיענט דעם יצר־הרע, האט ער זיך עראינערט אין דעם היילינען אנטאָניוס, וועלכער האט אויך אזוי געקעמפפט מיט דער תאוה און בעמערקט לאבענדיג:

„ווען איך זאָל ניט זיין אזא אפּיקורס וויא איך בין, וואָלט איך מיר אַיין פאַרגעקומען וויא א צווייטער היילינער אנטאָניוס."

אין יענעם פריה־מאָרגען האט דער יצר־הרע אייניגע אנגריפע געמאכט איבער איהם. דאס האט ארויסגערופען זיין מאטקייט, אונצופריעדענהייט און מרה־שחורה. ער האט אלזאָ בעשלאָסען זיך צו באָדען אביסעל אין דער ברינדיללע, רעכענענדיג, אז דאס קיהלע וואסער וועט איהם ערשטענס ערפרישען און צווייטענס פיעללייכט אָבקיהלען זיין קאָבענדעס בלוט.

אביסעל ווייטער, ארויף אין וואַלד, האט ער געוואוסט פון א טיעפערן פּלאַטץ אין וואסער, וואו דיא בויערן האבען זיך מעהרערע מאָל געבאָדען אם זומער און זיך דאָרט אמוזירט.

אהין האט ער אָנגעפאנגען צו געהען.

דיא ברייטע און אויסאנאנדער געוואקסענע צווייגען פון דיא בוימער, האבען אריעבער געהאנגען איבער יענעם טיעפערן טהייל אין וואסער. דיא טיעפקייט, וועלכע איז פעראורזאכט געוואָרען דורך א ברייטען גרוב אין דער ברינדיללע זעלבסט, האט פעראורזאכט וואס דאס וואסער האט דאָרט אויסגעזעהען צו שטעהען גאַנץ שטיל. רענאַרדעט האט דערפון געוואוסט און איז אימשטאנדע געווען צו דערקענען דעם פּלאַטץ פון ווייטען.

רענאַרדעט איז געגאַנגען פאָרווערטס, אויפגערעגט און פערמאַטערט. ווען ער איז צוגעקומען נעהנטער, האט זיך איהם געדאכט, אז ער האט געהערט עפּעס א פּליעסקען זיך אין וואסער און א גערויש דערבייא.

ער איז געבליעבען שטעהען און זיך צוגעהערט.

עס האט זיך איהם געדאכט, אז עס קומט יא פון דער ברינדיללע און עס קומט ניט פון דער ברינדיללע.

פאָרזיכטיג, אָהנע מען זאָל איהם הערען, האט ער געשריטען פאָרווערטס, און לאַנגזאם אוועק געבויגען דיא צווייגען וואס זיינען איהם געשטאַנען אין וועג.

ענדליך איז ער געבליעבען שטעהען.

דאָרט, אָט דאָרט איז עס געווען.

א מעדכען, נאַקעט וויא דיא מוטער האט זיא געבווירען, איז געשטאַנען אין וואַסער, און איהר שנעע־ווייסער קערפּער, האט זיך גאַנץ גוט געזעהען דורך דעם קלאָרען וואַסער וויא זיא האט זיך געבאָדען. זיא האט מיטביידע הענד מונטער געקלאַפּט אין וואַסער, געטאַנצט, זיך געדרעהט ארום, און איז גע־שפּרונגען.

עס איז ניט געווען קיין קינד, אָבער דאָך נאָך קיין פאָלקאָמענעס פרויענ־צימער. זיא איז געווען ניט מאָגער, בעססער געזאָגט, ציעמליך דיק; גאַנץ גוט פאָרמירט, און צו זאָגען האט זיא אויסגעזעהען וויא גראָדע דאַמאַלס איז זיא ארויס געשפּרונגען פון דיא קינדער־שיכלעך און איז געווען בערייט, מיט איין שפּרונג צו ווערען א ווייב.

עס איז געווען דיא צווישענצייט פון קינד און פרוי.

רענאַרדעט איז געשטאַנען אונבעוועגליך. ער האט ניט גערירט מיט קיין גליעד. שטוינען, שרעק און איבערראַשונג, האבען איהם וויא געלעהמט. א מערקווירדיגע, שטעכעדיגע און ברענענדע אויפרעגונג האט פערהאַלטען זיין אטהעם. בכויז א שטאַרקער שוויס האט איהם בעשלאָגען.

נאָכדעם האט ער געהערט וויא זיין הארץ קלאַפּט שנעל און וויטהענד. ער איז נאָך אימער געשטאַנען אויף'ן פּלאַטץ און א פערווירונג איז איבער איהם געקומען. עס האט זיך איהם פּלוצלינג געדאַכט, אז איינער פון זיינע רייץ און געגנוס־חלומות, איז פערווירקליכט געוואָרען.

ווער האט זיא אהין געבראַכט?

וויא קומט זיא אין וואַסער?

וויא אזוי......

טויזענדער פראַגען אָהנע בעדייטונג האבען זיך איהם געדרענגט אין קאָפּ.

ער האט אמאל געלערענט, דאס ווענוס, דיא געטטין דער שעהנהייט און געגנוס, איז ארויס פון דעם שוים אויף דיא וועללען פון ים. ער האט זיך דיעזע פאָרגעשטעלט אלס א ווענוס אין א קלענערער אויסגאַבע. ער האט געבליקט צו איהר מיט פערצעהרענדע אויגען.

ער האט זיך אָבער נאָך אימער ניט גערירט.

דאן איז דאס מיידעל וואהרשיינליך מיעד געוואָרען פון באָדען זיך, און זיא האט אָנגעפאנגען ארויס צו געהען פון דעם וואסער.

איהר נאקעטעס לייב, אין גאנצען אויפגעדעקט, ניט בעשיטצט זאָגאר פון קיין וואסער, האט אריין געשיקט וויא א קאָבענדען דאמפף אין זיי בלוט.

ער האט געבליקט צו איהרע רונדע גליעדער, צו איהר שעהנער הויט און דער שוויס איז נאך שטארקער געלאָפען פון זיין געזיכט.

זיא איז געגאנגען זיך נעהמען דיא קליידער אום זיך אָנצוציהען.

זיא איז געגאנגען לאנגזאם און פאָרזיכטיג, ווייל זיא האט זיך געהיט פאר דיא שארפע שטיינער אויף'ן ברעג אום זיך ניט צו צושטעכען.

דיא טהיערישע לוסט, דאס דרענגענדע פערלאנגען האט געשטיגען, רעד־נארדעט איז געוואָרען ווילדער און פערוויררטער. יעדעס געפיהל פ מענש האט אויסגעזעהען פערברענט צו ווערען אין דעם שרעקליכען פייער פון זיין תאוה.

דאן איז דאס מעדכען פערשוואונדען געוואָרען, זיא איז געבליעבען שטעהען הינטער א בוים.

דאָרט איז זיא געשטאנען עטליכע סעקונדען און רענארדעט האט זיא ניט געזעהען.

אנשטאט דאס זאָל איהם בערוהיגען, האט ער זיך געשפירט נאך מעהר אויפגערעגט, גלייך וויא א ווילדע חיה פון וועלכער'ס אויגען דאס אָפּפער איז פלוצלינג פערשוואונדען געוואָרען.

רענארדעט האט פערלוירען דיא לעצטע שפור פון מענשליכער האלטונג.

ער האט געגעבען א שפרונג פאָרווערטס, און אין נעכסטען אויגענבליק איז ער געווען נעבען איהר. ער האט אויסגעשטרעקט זיינע ריעזיגע ארעמס און זיא ארום גענומען.

דאס מיידעל איז געווען צו איבערראשט, ערשראָקען און אויסער זיך, אום צו קענען שרייען אָדער רופען אום הילפע.

זיא האט שטארק אויפגעציטערט, צוגעוואָרפען א בליק צו רענארדעט'ן און איהם דערקענט.

דאס האט זיא נאך מעהר ערשטוינט.

אויף איהר געזיכט איז געלעגען דיא פראגע:

„וואס ווילסטו ?"

נאָר זיא האט גאר ניט געפרעגט.

זיא האט אויסגעזעהן וויא איינער אין א שרעקליכען חלום, וואס וויל שרייען און קען דאך נים.

רענארדעט'ס אויגען זיינען געווען אנגענאָסען מיט בלוט, ער האט שווער געאטהעמט. און דאס מיידעל האט דערפיהלט דעם אטהעם אויף איהר געזיכט, האט זיך איהר געדאכט, אז דאס איז הייסער דאמפף.

קיין וואָרט איז ארויס פון זיין מויל. ער האט זיא נאָר פעסטער געדריקט צו זיך, דאן האט ער זיא אומגעוואָרפען צו דער ערד, און זיא פערגוואלטיגט.

רענארדעט האט דאס געטהאָן, אָהנע ער זאָל בעגרייפען זיין טהאט.

ווען ער האט ערוואכט אנצוערקענען זיין פערברעכען, איז דאס געווען גראדע וויא מען וועקט איינעם אויף פון א טיעפען שלאָף מיט א פינסטערן חלום, אום ער זאָל אין דער ווירקליכקייט בעגרייפען וואס עס האט פאסירט.

דאס מיידעל האט אָנגעפאנגען צו וויינען.

ערשט דאמאלס האט ער בעגריפען, אז זיא איז נאך א קינד.

זיא האט געציטערט אין גאנצען קערפער. ער האט געהערט וויא עס ווארפט איהר א צאָהן אן א צאָהן. זיא איז געלעגען און געבליקט צו איהם אזוי דער־שראָקען, וויא א יונגער הירש, ליעגענדיג פערוואונדעט צו טויט צום יעגער'ס פיס.

ער האט דאס בעמערקט און אויסגערופען:

„זייא שטיל!"

דאס האט זיא נאך מעהר געבראכט צום וויינען.

„שטיל! שטיל!" האט ער געזאגט מיט א ברוטאלער שרעק, „ווארט, איך וועל דיר געבען געלד."

אָבער זיא האט ניט אויפגעהערט צו וויינען און כליפען.

דאן האט ער ווידער געמורמעלט:

„וואס וויינסטו? הער שוין אויף! זייא שטיל, שטיל, איך בעט דיך...."

דיא לעטצטע ווערטער האבען צוריק געבראכט איהר שטימע און זיא האט שוין אָנגעהויבען אביסעל צו שרייען.

רענארדעט האט בעמערקט וויא זיא ריהרט זיך מיט דער אבזיכט צו ענט־לויפען. ער האט אויסגעשטרעקט זיינע הענד אום זיא צוריק צו האלטען. זיא האט זיך געראנגעלט און זיך געוואָלט אויסרייסען.

d

פּלוצלינג האט א געדאנק דורכגעשאָסן זיין געהירן. ער האט אין איין אויגענבליק בעגריפען, אז ער איז פערלוירען. אָבער דאָך, וואָלט ער נאך געדענקט איבער איין אויסוועג. זיא האט אָבער ניט אויפגעהערט צו שרייען. איהר שטימע האט וויא דורכגעבויערט זיינע אויערן.

ער האט זיא פעסטער צוגעהאלטען.

זיא האט נאך אימער ניט אויפגעהערט צו שרייען.

מיט אלע איהרע פערצווייפעלטע קרעפטען, האט זיא זיך געוועהרט און געריסען. זיינע הענד האבען זיא פעסטער געגריפען און צוגעהאלטען.

„הער אויף!" האט ער אונגעוועהנליך הויך אויסגעשריען.

אלס ענטפער, האט זיא נאך שטארקער געליארעמט.

ער האט אין איין אויגענבליק איבערגעדענקט וויא אזוי צו שטיקען דעם ליארם. זיין בליק איז געפאלען אויף איהר האלז. ער האט בעפרייעט איין האנד און ארויף געלעגט אויף איהר האלז. וואס איז געווען פעסט און אָנגעבלאָזען פון דעם שרייען. זיין צאָרן האט געשטיגען. ער האט אויך ארויף געלעגט זיין צווייטע האנד.

וואס האט ער דאמאלס געדענקט?

אלעס וואס האט געוואָלט אין יענעם אויגענבליק, איז געווען זיא זאָל שווייגען.

איין דריק אויף איהר האלז, האט האלב פערשטיקט דיא שטימע. א בעסערער דריק, האט פעראורזאכט פאָלקאָמענע שטילקייט. דאן האט ער נאך שטארקער געדריקט אום דיא שטימע גוט צו צושטיקען.

וויא לאנג האט דאס געדויערט?

דאריבער האט ער אליין ניט געוואוסט.

רענארדעט איז צו זיך געקומען, ווען ער האט מעהר זאָגאר קיין אטהעם געהערט און קיין ווידערשטאנד געשפירט.

ער האט אָבגעלאָזען דעם האלז.

דאן איז ער אויפגעשפרונגען.

טראָטץ דער היטץ, איז געלאָפען א קאלטער שוידער איבער זיין לייב.

זיא איז געלעגען בעוואוסטלאָז.

בלוטענד, און מיט א געזיכט שווארץ פון פערלאָפענעם בלוט, איז זיא געלעגען אויסגעשטרעקט שטילשווייגענד פאר זיינע אויגען.

זיא איז געוועזן טויט !

ער האט געוואָלט ענטלויפען. עס איז געוועזן דאס בעוואוסטזיין פון געפאהר, וואס טרייבט אוועק יעדען איינעם פון דעם פונקט וואו דיא געפאהר גע־פינט זיך.

אָבער איין אונבעקאנטעס געפיהל האט איהם צוריק געהאלטען. ער האט זיא געוואָלט שנעל אריינוואַרפען אין וואסער, אָבער ער האט ערבליקט איהרע קליידער און איין אנדערער געדאנק איז איהם אייננעפאלען.

ער האט גענומען א שטריקעל בייא זיך אין קעשענע. מיט דיעזען שטריקעל האט ער דיא קליידער צוזאמען געבונדען, און דאן האט ער דאס בינטעל בע־האלטען ווייט צווישען דיא געדיכטע ביימער, וועלכע זיינען געשטאנען נעבען ברעג פון דער ברינדילכע.

ער האט זיך נאכדעם שנעל אָבגעווענדעט, און מיט לאנגע שריט האט ער אנגעפאנגען צו געהען פאָרווערטס, דורכגעקרייצט דעם וואלד צו דער אנדערער זייט, דאמיט דיא בהמות־טרייבער זאָלען איהם ניט בעמערקען, און צו דער געווענ־ליכער צייט האט ער צוריק געקעהרט אהיים עסען, וואו ער האט דערצעהלט זיינע דיענער און דיענסטען, אז ער האט היינט געשפאצירט איבער דער אנדערער זייט וואלד, ניט געבען דער ברינדילכע, וואו ער האט בעמערקט זעהר שעהנעס גראָז.

אכטעס קאפיטעל.

אין דיעזער נאכט האט ער געשמאק און פעסט געשלאָפען.

עס איז געוועזן דער שלאָף פון א בעסטיע, אָדער וויא דער פאל איז מיט מערדער בייא דער לעטצטער נאכט פאר זייער הינריכטונג.

ערשט נאכדעם וויא עס האט אָנגעהויבען צו טאָגען, האט ער ערוואכט, און מיט א געקוועהלטער אונגעדולד פון שרעק, האט ער ערווארטעט דיא נאכריכט פון דעם פערברעכען זאָל זיך פערברייטען. ער האט געוואוסט, אז אירגענד יעמאנד מוז דאס ענטדעקען פריהער אָדער שפעטער, און ער האט זיך פאָרבערייטעט צו שפיעלען דעם גלייכגילטיגען און אונשולדיגען.

ער האט אויך געוואוסט, אז ער, אלס הויפט־פאָרשטעהער פון דעם דאָרף, וועט מוזען בייוואָהנען דיא געריכטליכע אונטערזוכונג. דאס האט איהם פערווירט, אָבער ער האט זיך דארויף אויך געפאסט.

דיא גאַנצע צייט פון דער אונטערזוכונג, האט ער אַלעס מיטגעווירקט גראַדע ווי א נאַכט־וואַנדלער, אָהנע צו וויסען איבער אורזאַכען און פאָלגען. דער ערשטער הערצרייסענדער געשרייא פון דער אַלטער ראַקע, האט איהם ערוואַכט און אויפגע־מונטערט. דאס האט איינגעדרונגען ביז אין זיין טיעפער זעעלע, און איהרע שמערצען האבען איהם אזוי גערי‌הרט, דאס ער איז בערייט געוועזן פאר איהר פאָרצוטרעטען און אויסשרייען:

„איך בין עס, איך בין דער מערדער!"

אָבער מיט אַלע זיינע קרעפטען האט ער זיך דערפון צוריק געהאַלטען.

ווען עס איז נאַכט געוואָרען און יעדער האט שוין געשלאָפען, איז ער אוועק ווידער צו דער ברינדילקע מיט דער אבזיכט צו ברענגען דער אונגליקליכער אַלטע עפעס א צייכען פון איהר טאָכטער׳ס קליידער און זיא דערמיט טרייסטען.

ער האט גענומען דיא היכצערנע שיכלעך און זייא דאן אוועק געשטעלט בייא איהר טהיר.

אזוי לאַנג וויא דיא אונטערזוכונג האט געדויערט, איז ער געצוואונגען געוועזן מיט דיא בעאַמטע אַלעס מיטצומאַכען.

ער האט זיך אָבער ביז א געוויסען גראַד בערוהיגט, זיך בעהערשט מיט זיין הארטנעקיגען כאַראַקטער, און האט עס נאָך אזוי וויית געבראַכט, דאס ער האט געקענט זאָגען א ווערטעל און טראָגען א שמייכעל אויף זיינע ליפען.

ער האט גאַנץ רוהיג געשפּראָכען מיט דיא בעאַמטע אַלע מעגליכקייטען ווער עס האט געקענט בעגעהען דעם מאָרד; מאַנכע מאל האט ער אויך גאַנץ לאָגיש ווידערשפּראָכען זייערע פערמוטהונגען און צערשטערט זייערע פּלענער.

מיט דער צייט האט ער אָנגעהויבען צו געפינען זאָגאַר א פערגניגען אין דעם צו צערשטערען זייערע נאַכפאָרשונגען, פערדרעהען זייערע אידעען, און לייטע, וועלכע זיינען געוואָרען פערדעכטיג אין זייערע אויגען, האט ער מיט געוויסע גרינדע ער־קלערט פאר אונשולדיג.

אָבער פון דעם טאָג אָן, וואס דיא נאַכפאָרשונגען האבען אָנגעפאַנגען, איז ער געוואָרען פון שטונדע צו שטונדע מעהר נערוועז, אויפגערעגט און צאָרניג. ער האט זיך געזוכט צו בעהערשען אין דער בעציהונג פון צאָרן, און דאס האט איהם אונגעהייער פיעל מיה געקאָסט אום ניט ארויס צו שפּרינגען פון דיא כלים.

דאן האט דיא נערוואָזיטעט אַלץ מעהר און מעהר איינגעדרונגען אין איהם פון דעם מינדעסטען גערויש, האט ער אויפגעציטערט און דאס האט אריינגעיאָגט

א שרעק אין זיינע ביינער. ער האט געקענט פון דער העלער הויט אָנהויבען צו שרעקען און ציטערן, און מאָנכע מאל האט ער זיך געשפירט זאָגאר פערגליווערט בלויז פון א פליעג וואס האט זיך געשטעלט אויף זיין שטערן.

פלוצלינג האט אין איהם איינגעטרעטען דער וואונש און דאס דרענגען זיך צו בעוועגען. דאס האט איהם געטריעבען צו גרויסע וואנדערונגען; עס האט איהם געקענט האלטען גאנצע נעכט אויף די פיס, ביז ער פלעגט זיך שפירען כמעט צוזאמען געבראָכען און ער האט צוריק געקעהרט אהיים.

עס איז ניט געוועזען קיין פייניגענדע געוויסענביסע וואס ער האט געפיהלט, דאריעבער איז ער ניט געוועזען גענוג מענש דאס צו בעגרייפען. אָבער ער האט גע־שפירט עפּעס קומענדיג איבער איהם, וואס האט איהם געפּלאגט און געמאר־טערט, אָהנע ער זאָל וויסען וואס דאס איז.

רענארדעט איז געוועזען א מאַן פון טהעטיגקייט, א מאַן פון געוואלטטהאטען, געבוירען אום קריעג צו פיהרען, עראָבערן לענדער, פערוויסטען שטעדט און די בעזיעגטע ניעדער צו שלאכטען; ער האט געהאט די נאטור פון דעםווילדען יעגער, נאכצולויפען, פּאקען און ניעדערשיסען; מענשען-לעבען האט ביי איהם זעהר א קליינע ראָלע געשפּיעלט. אָבער זיין לעבען און זיין ערציהונג איז געוועזען א לאַנגע שולע צור אבריכטונג פון ריטערליכקייט; צו העלפען דעם וואס רופט זיך שוואַך, און בעשיטצען די יעניגע וואס זיינען מאַכטלאָז.

די קליינע ראָקע איז געוועזען שוואַך און מאַכטלאָז. איהר פערגוואלטיגונג און ערמאָרדונג, איז געוועזען דער געגענטהייל פון זיין אבגעריכטעטער נאטור, און דאס האט ביי איהם ארויס גערופען עקעל, אבשייא און פעראַכטונג צו זיך זעלבסט.

אלס פּאָליטיקער האט ער געאַכטעט די קירכע. אָבער אין דער פּראַקטיק האט ער ניט געגלויבט אין גאָט מיט דעם טייפעל צוזאמען. איבריגענס האט ער זיך קיינמאל די מיה ניט געגעבען אקוראַט גענוי נאכצופאָרשען וואס עס קען זיין פון יענער זייט קבר. ער איז געוועזען צו פיעל בעשעפטיגט מיט דיעזער וועלט אום צו דענקען וועגען א צווייטער.

דאַן, נאַטירליך, האט ער געמוזט נאכגעהען דער „אינטעליגענטע" וועלכע אונטער וועלכער ער האט זיך געפונען. עס האט ניט געפּאסט זיך אָבצוגעבען מיט אזעלכע פּוסטע זאכען, איבער וועלכע די „געבילדעטע," זיינע קאמעראדען, האבען חוזק געמאַכט.

אַט דאס איז געווען רענארדעט, און אָהנע זיך זעלבסט אמאל צו אנאליזירען, האט ער געלעבט פון יאָהר צו יאָהר, אָהנע צו האבען דעם מינדעסטען בעגריף פון זיין אייגענער פערזענליכקייט.

דערזעלבער רענארדעט, האט געקענט אין קריעג, אין א דועל אָדער אין א ראבע־פאלל, אירגענד יעמאנדען דערהרג'ענען, בעשפריטצט ווערען מיט זיין בלוט און זעהען דעם צאפלענדען גוסס פאר זיינע אויגען. דאס אלעס וואָלט איהם ניט בעקימערט. דאס וואָלט נאטירליך געווען איין אנגעלעגנהייט וואס שטימט מיט זיין אבגעריכטעטען כאראקטער. עס וואָלט אויף איהם דעמזעלבען איינדרוק געמאכט, וויא צור צייט וואס ער זעהט פאלען דעם האַז אויף'ן פעלד צו זיינע פיס, נאכדעם וויא ער האט אויף איהם אָבגעפייערט זיין ביקס.

אָט אזעלכע מענשען ווערען ניט געבוירען, און דיא אבריכטונג פון איין דור, איז נאך ניט געווען דאפיר. מעהרערע דורות מוזען פאָראיבער, און עס זאָל איבער־געהען פון פאטער צו קינד דיא ירושה פון א געוויסער איינריכטונג אין לעבען, און דאן זאָל פאָלגען איין אונגעהייער שטרענגע ערציהונג אזוי צו זיין, אזוי צו לעבען און אזוי צו בעגרייפען.

צו פערגוואלטיגען און דאן ערמאָרדען א קליינע ראָקע, איז איינגעשטורירט געוואָרען פאר א שרעקליכע זינד נענען דיא איינגעלערנטע זיטען. אזא מהאָט האט געמוזט צערברעכען דעם אייזערנעם ווילען און דיא מעכטיגע ריעזען־קראפט פון דעם שטארקען מאן.

אנפאנגס האט רענארדעט בעגאנגען דאס פערברעכען אין א פערווירונג און איין אונווידערשטעהליכען רויש, ווען יעדער שפור פון שכל ווערט פערניכטעט. דאן האט אָנגעפאנגען דיא בערוהיגונג און דיא ווירקונג, אָדער דיא פרוכט פון דער זינד, איז געקומען. עס האט איהם געפאקט אין זיין גאנצער זעעלע און קערפער. דאס פערברעכען האט אָבגעפרעסט אויף זיין גאנצעס לייב א גרויזאמער שוידער־האפטיגקייט.

אונוויכענדיג האבען זיך זיינע געדאנקען יעדען אויגענבליק צוריק געקעהרט צו דער שרעקליכער סצענע, און אָבוואָהל ער האט זיך בעמיהט דאס בילד צו פערשמייסען און פערניכטען פון זיין זכרון, איז אָבער אלעס ערשיענען מיט אזוי פיעל שרעקען און ווילדען איינדרוק, אז ער האט זאָגאר ניט געקענט לויז ווערען פון דער מינדעסטער איינצעלהייט וואס האט דאמאלס פאסירט.

אזוי האט עס געדויערט עטליכע וואָכען, ביז דיא אבענדע האבען זיך

פערוואנדעלט אין דיא פירכטערליכסטע שרעקענס־צייטען, ציטערענדיג פאר זיין איינענעם שאטען.

ער האט נאך קיין בענריף געהאט ווארום דיא פינסטערניש שרעקט איהם. אָבער ער האט געפיהלט, אז יעדע טונקלע שטעלע איז בעפעלקערט מיט דיא שרעקענס־בילדער פון זיין גרויזאמער מאָרד־טהאט.

דער העללער טאָג איז אימשטאנדע צו געבען פיעל אָדער וועניג ערקלערונגען אָדער בעדייטונגען איבער דיא צאָהלרייכע ערשיינונגען. ווען מען זעהט עפּעס, קען מען דאס באלד שטודירען און זיך אויגענבליקליך איבערצייגען וואס דאס איז.

אָבער דיא נאכט, מיט איהר געהיימניספאָלע פינסטערניס; דיא נאכט, מיט איהרע טונקלע און בעהאלטענע שאטענס, מיט איהר שווארצע און פערהיעלטע בילדער, — אך, דיעזע נאכט גיבט קיין ערקלערונג, זיא בעהאלט אין איהר טונקלען שויס אלעס, און צינדעט נאך מעהר אָן דיא פאנטאזיע, צו זעהען שוועבענדעס, לויפענדעס, פליהענדעס און שווידערהאפטעס, פערבאָרגען אירגענדוואו וואס מען וויים ניט און מען פערשטעהט ניט.

דאס אונבעקאנטע און דאס פערבאָרגענע, בילדעט א פינסטערעס גע־היימניס, און א פינסטערעס געהיימניס ווירקט שווידערהאפט איבער איין אָבגע־שוואכטעם געהירן.

עס זיינען פאָראיבער מעהרערע נעכט פון שרעקען, און ווען ער האט זיך בערוהיגט, האט ער געפאסט מוטה, זיך צו פרעגען, פאר וואס ער האט מורא.

דאן האט ער געקריגען איין ענטפער. ער האט אלעס ערפאהרען.

אין א נאכט, ווען עס איז שוין געווען גוט שפּעט, איז ער געזעסען אין זיין לעהנ־שטוהל. ער האט ניט געקענט שלאָפען. עס איז איהם אונמעגליך געווען צו שליעסען זיינע אויגען. ער האט אונוויללענדיג א בליק געגעבען צום פענסטער. עס האט זיך איהם געדאכט, אז דער פאָרהאנג האט זיך העפטיג בעוואוינג

פאר אלעמען האט דאס בייא איהם ארויס גערופען א ציטער.

נאך דעם ציטער, איז ער געוואָרען אונרוהיג און געוואָרט, מיט א קלאָפּענדעס הארץ צו זעהען וואס ווייטער וועט זיין. יא, ער האט געוואָלט זעהען, זיך איבער־צייגען און וויסען דיא אורזאכע.

אָבער דער פאָרהאנג האט זיך מעהר ניט געריהרט.

האָט זיך דער פאָרהאנג פריהער בעוואויגען? האט זיך דער פאָרהאנג

פריהער געריהרט? פיעללייכט איז דאס געווען זיין אויפגערעגטע פאנטאזיע? ווער זאל עס דען אומגעהעןביים פארהאנג, ווען ער אליין איז דא אין צימער?

אט דיעזע פראגען האט ער זיך אליין געפרעגט און ארגומענטירט. אבער דער שטראם פון זיינע פערווירטע געדאנקען איז אונטערבראכען געווארען, ווען דער פארהאנג האט זיך מיט אמאל, פלוצלינג, ווידער בעוואויגען.

האט ער זיך בעוואויגען? ווער וויים? רענארדעט'ן ווענינגסטענס האט זיך געדאכט, אז ער האט זיך בעוואוינגען.

ער האט ניט געוואגט אויפצושטעהען.

און דאך, איז דערזעלבער רענארדעט געווען א מוטהיגער מענש. דערזעלבער רענארדעט האט ניט קיין מורא געהאט פאר איינעם, צווייא און אויף 4 שטארקע מענער מיט אמאל. ער וואלט זיך ווענינ אדער גאר ניט דערשרעקען צו ענטדעקען פלוצלינג רויבער בייא זיך אין דער וואהנונג.

רויבער און באנדיטען, פיעללייכט אויך מיט געוועהר, וואלטען זיין מוטה ניט אבגעשוואכט. אין געגענטהייל, איהם נאך מעהר אויפגערעגט און געשטעלט אויף דער פראבע וויפיעל מוטה ער בעזיטצט. אבער דער פארהאנג זאל זיך זעלבסט בעוועגען, דאס איז צופיעל — דאס האט אוועק גערויבט זיין גאנצען מוטה.

„דומהייטען!“ האט ער געמורמעלט צו זיך אליין, „מיר דאכט זיך דאס אלעס! איך בילד מיר איין! עס איז גאר ניט, און אט......“

גראדע דאמאלס האט זיך דער פארהאנג ווידער בעוואויגען. עס איז ניט געווען גראדע קיין בעוועגונג, זאנדערן א מין ציטערן און פלאטערן פון דער לייבטער פארהאנג גאלעריע — אזוי וויא א בלאז פון ווינט וואס פעראורזאכט דיא בעוועגונג.

רענארדעט איז געבליעבען זיטצען, מיט זיינע אויגען שטארק אפען, זיין האלז אויסגעצויגען, און געקוקט, אויפמערקזאם צום פארהאנג.

„צום טייפעל!“ האט ער פלוצלינג אויסגעשריען פאסענדיג מוטה און זיך שעהמענדיג איבער זיין אייגענער שרעק. ער האט זיך אויפגעהויבען, געמאכט פיער שריט פארווערטס צום פענסטער, אנגעכאפטביידע זייטען פארהענגע מיט זיינע ביידע הענד און זייא אויסאנאנדער געריסען.

ער האט גאר ניט געזעהען. פאר זיינע אויגען זיינען ערשיענען דיא שווארצע שויבען — אזוי שווארץ וויא גלענצענדע טינט פון דער טיעפער נאכט פינסטערניס.

דיא נאכט האט אויסגעשפּרייט איהרע טונקלע פליגלען און אלעס, דיא גאנצע געגענד, איינגעוויקעלט און איינגעהיעלט וויא אין א שווארצען מאנטעל.

ערבליקענדיג דיעזען ריעזיגען שווארצען שאטען, וואס רופט זיך נאכט, איז ער געבליעבען שטעהן, אָבער פּלוצלינג, וואס איז דאָרט? — פּלוצלינג האט ער דערזעהען א ליכט, א טאנצענדעס ליכט, וואס האט אויסגעזעהען צו שוועבען ווייט אוועק אין דער נאכט פינסטערניס.

„וואס איז דאס?“

„וואס איז דאָרט?“

„ווער איז דאָרט?“

דיא פראגען האבען זיך געדרענגט שנעל, איינע נאך אנאנדער. דאַן האט ער זיך געטרייסט, און געפונען איין ערקלערונג. ער האט זיך געטראכט, אז דאס מוז זיין א קרעבס־פישער, וועלכע האבען א טבע ביי נאכט ארום צו געהען נעבען דער ברינדילכע. ער האט צוגעבויגען זיין געזיכט צו דער שויב אום דאס אויסצר־געפינען.

ער האט געבליקט ווייט, טיעף און א היבשע צייט אום זיך צו איבערצייגען, אז זיין ערקלערונג איז ריכטיג. אָבער דאס איז איהם אונמעגליך געוועזן.

דאַן האט ער בעשלאָסען ניט מעהר צו פאָרשען און זוכען, און ער האט זיך צוגעדעקט זיינע אויגען מיט דיא הענד.

אָבער פּלוצלינג — פּלוצלינג איז דיעזעס ליכט געוואָרען שטארקער, העללער, און ער האט געזעהען וויא דיא קליינע ראָקע, זיין אָפּפער, ליעגט נאקעט, אויסגע־שטרעקט אין גראָז, מיט בלוט אויף איהר קערפּער!

ערגריפען פון דיא שרעקען, איז ער צוריק געשפּרונגען שווידערענד און איז אומגעפאלען וויא ערשראָקען אויף זיין שטוהל.

א פּאאר מינוטען איז ער געבליעבען ליעגען טהיילוויז אָהנמעכטיג פון שרעק און ציטערן.

דאַן האט ער זיך אויפגעזעטצט און אָנגעפאנגען צו איבערלעגען.

מיט איין איבערנאטירליכע אנשטרענגונג האט ער זיך אויסגערעדט און גע־ברומט:

„א נארישע פאנטאזיע! א דומהייט!“

ער האט זיך דאס אלעס ערקלערט, אז עס קומט דערפון, וואס ער האט געזעהען א קרעבס-פישער לויפענדיג מיט זיין לאָמפּ ביים ברעג פון דער ברינדיללע,

און דיא עראינערונג אן זיין פערברעכען, האט בייא איהם ארויס גערופען דאס בילד פון דעם מארד.

ווען ער האט זיך אביסעל ערהאָלט, האט ער געטרונקען א גלאָז וואסער; דאן האט ער זיך געזעטצט.

נאכדענקענדיג, האט ער געמורמעלט:

„אָבער וואס וועל איך טהון, ווען דאס וועט זיך ווידערהאָלען? ווען דאס וועט זיך ווידער בעווייזען?“

אז עס וועט זיך ווידערהאָלען און ווידער בעווייזען, איז ער געווען בייא זיך זיכער. זיינע אייגענע געפיהלע האבען עס איהם פראָפעצייהעט.

אונוויכענדיג, האט ער ווידער געקוקט צום פאָרהאַנג. עס האט זיך איהם געדאכט, אז דער פאָרהאַנג ציטערט, פלאטערט, בעוועגט זיך און רופט איהם אהין.

אום דאס אויסצומיידען, אום ניט מעהר צו זעהען דעם פאָרהאַנג, האט ער אומגעדרעהט זיין שטוהל. דאן האט ער גענומען א בוך און פראָבירט צו לעזען.

וויא ער האט נאָר איבערגעלעזען א פּאאר שורות, וועלכע ער האט ניט פערשטאַנען, איז איהם פאָרגעקומען, אז ער הערט הינטער זיך עפּעס ריהרען, בעוועגען גלייך וויא אום אויסצומיידען דיא בעוועגענדע זאך הינטער איהם, האט ער אָבגעווענדעט דעם לעהנ־שטוהל און איז ווידער אויסגעקומען צום פענסטער.

דער פאָרהאַנג האט זיך בעוואויגען. יעטצט האט ער מעהר אן דעם ניט געצווייפעלט. ער איז געוואָרען וויטהענד, אויפגעשפּרונגען, אָנגעכאַפּט דעם פאָרהאַנג, און איהם ארונטער געריסען צוזאמען מיט דעם שטעקען אויף וועלכען ער איז געהאַנגען. דאן האט ער, וויא יעמאַנדען אויף להכעיס, צוגעפּרעסט זיין געזיכט צו דער פינסטערער שויב.

ער האט נאָר ניט געזעהען.

אלעס אין דרויסען, איז געווען שווארץ, און מיט דער פרייד פון א מענשען, וועלכען מען האט נאָר וואס געשענקט דאס לעבען, האט ער פרייער אויפגעאטהעמט.

ער איז צוריק געגאַנגען אום זיך צו זעטצען. אָבער גראדע דאמאלס האט איהם בעהערשט א שרעקליכער וואונש, אום נאך אמאל ארויס צו קוקען פון פענסטער.

זייט דעם וואס ער האט אָבגעריסען דעם פאָרהאַנג, האט דאס פענסטער געבילדעט א פינסטערעס לאָך, און עס האט אין אַלגעמיינעם געמאכט א נייעם איינדרוק איבער דעם צימער, אויסצוזעהען פרעמד אָהן דעם פאָרהאַנג וואס איז אימער דאָרט געהאנגען. דיא שווארצע שויבען האבען געמאכט איין אונהיימליכען איינדרוק. עפּעס האבען אויסגעוויזען וויא א שווארצע נאַקעטקייט.

ערבליקענדיג דאס פענסטער, האט ער אויפגעשווידערט. ער האט ניט גע־וואָלט נאך אמאל ארויס קוקען. אום ניט נאך אמאל צונעצווינגען צו ווערען אהין, האט ער בעשלאָסען צו מאכען איין ענדע דערפון, דערמיט וואס ער זאָל זיך לייגען אין בעט.

ווען ער האט זיך אָנגעפאנגען אויסצוציהען, האט ער בעמערקט וויא זיינע אונטער־קליידער זיינען נאס פון א קאַלטען שווייס וואס .האט איהם דורכ־גענעטצט.

ווען ער האט פון זיך ארונטער געוואָרפען דיא קליידער, האט ער זיך אריינ־געלייגט אין בעט. ער איז געלעגען אויף זיין רוקען אונבעוועגליך. זיין לייב איז גע־וואָרען ווארעם און פייכט — און אָהנע זיך צו ריהרען פון פּלאַטץ, איז ער געלעגען און ערווארטעט דער שלאָף זאָל קומען.

ער האט געהאלטען דיא אויגען צוגעמאכט. ניט געוואָגט צו עפענען אין ערגיץ קוקען. פלוצלינג האט א שוואכעס ליכט וויא דורכגעשטרייפט זיינע פער־מאכטע אויגען. ער האט שנעל געעפענט זיינע אויגען, מיינענדיג, אז דאס הויז שטעהט אין פלאמען.

אלעס ארום איהם, איז געווען שווארץ און טונקעל. ער האט זיך אונטער־געהויבען, זיך אָנגעלעהנט אויף זיין עלינבויגען, און געקוקט. ער האט געוואָלט זעהען אויב ער וועט דערקענען דאס פענסטער אין דער טונקעלהייט.

בייא דער אנשטרענגונג אויסצונעפינען וואו דאס פענסטער איז, האט ער בעמערקט עטליכע שטערען.

ער איז אויפגעשטאנען, ארונטער פון בעט, און טאפּענדיג איבער זיין צימער, איז ער צוגעגאנגען צום פענסטער, און ער האט צוגעלייגט צו דער שויב זיין ברע־נענדען שטערן.

דאָן האט ער געבליקט ווייטער.

דאָרט איז עס!

ווייט אוועק, צווישען דיא בוימער, אויף'ן גראָז, האט זיך געלייגט; דאָרט איז געלעגען דער טויטער קערפּער פון זיין אָפּפער, פון דער קליינער ראָקע!

פון רענארדעט'ס ברוסט, האט זיך ארויס געריסען א פערצווייפעלטער געשרייא.

ער איז צוריק געלאָפען צום בעט, זיך ארייננגעוואָרפען מיט א קראַך, פאר וועלכען ער האט זיך אליין דערשראָקען, און איינגראבענדיג זיין קאָפּ צווישען דיא קישען, איז ער געבליעבען ליעגען ביז עס איז טאָג געוואָרען.

## נייַנטעס קאפיטעל.

פון יענעם אבענד אָן, איז רענארדעט'ן געוואָרען זיין לעבען אונער־טרעגליך.

זאָ שנעל וויא עס איז נאכט געוואָרען, האבען אָנגעפאנגען רעגעלמעסיג זיך צו ווידערהאָלען דיא שוידערהאפטע שרעקען פון בלוטיגע בילדער און סצענען. ביי טאָג ווידער, האט ער ניט געקענט רוהען איבער דיא ערינערונגען פון דער נאכט.

מיר האבען שוין איינמאל ערוואהנט, אז ער איז ניט געוועזען קיין פייגלינג, און ווען עס איז געוועזען טאָג און ער האט זיך געפינען אין דער מונטערקייט פון דער זונען'ס שטראהלען, האט ער אימער געפאסט מוטה און בעשלאָסען צו בעקעמפּפען דיא ווילדע ערינערונגען.

ער האט זיך ניט געוואָלט פאר קיינעם פערטרויען, מורא האבענדיג, טאָמער וועט מען לאכען פון איהם. דאן, וויא האט ער זיך געקענט פערטרויען? וואס זאָל ער זאגען זיין בעסטען פריינד? זיך ענטדעקען? אונמעגליך.

אליין, גאנץ אליין האט ער געמוזט קעמפּפען געגען דיא שרעקענס־בילדער.

וויא עס איז נאכט געוואָרען, האט ער זיך צוריק געצויגען אין זיין צימער מיט דעם מוטה פון א פערצווייפעלטען קריעגער און זיך פאָרבערייטעט צום קאמפף. אָבער אומזיסט!

יעדעס מאל איז ערשיענען א געהיימע און פירכטערליכע קראפט און איהם געצויגען צום פענסטער, און עס האט זיך איהם געדאכט, אז א מאגנעטישע קראפט שלעפט איהם. דאן האט ער דערזעהן דאס שרעקענס־בילד, דיא בלוטיגע סצענע — אנפאנגס האט זיך איהם פאָרגעשטעלט וויא דאס מערדען קעמפּפט, פאנגט אָן דערשטיקט צו ווערען, דאן, מיט ביידע ארעמס אויסגעשטרעקט, מיט דיא פיס צושפרייט, איז זיא געבליעבען ליעגען, אקוראט אזוי וויא ער האט זיא דאמאלס איבערגעלאָזען.

וואס מעהר א נאכט עס איז פאראיבער, אלץ גרויזאמער איז געווארען דאס בילד. עס האט זיך איהם נאכהער אויסגעוויעזען, וויא דיא קליינע ראקע שטעהט אויף, און מיט קורצע אבער שנעלע שריט, וויא איהר טבע איז געווען, האט זיא אנגעפאנגען צו לויפען פארווערטס.

דאן האט זיא אנגעהויבען צו שוועבען, אימער מיט דיא ארעמס אפען, איבער דיא גראזען, בלומען און בוימער — פארווערטס, ווייטער, ביז זיא איז צוגעקומען אהין, וואו ער איז געשטאנען, ביים פענסטער.

דארט איז זיא געבליעבען שטעהען און געקוקט מיט איהרע דערשראקענע אויגען.

פלוצלינג איז זיא ארויף, אויבען, און דאן אריין אין צימער, אינוועניג, נעבען איהם, און עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער שפירט איהר אטהעם, גראדע וויא דאמאלס, אין דעם טאג פון פערברעכען.

רענארדעט איז צוריק געשפרונגען, ציטערענדיג, שווידערענדיג פאר דער ער־שיינונג, ביז ער איז אריין אין בעט, און זיך דארט בעהאלטען. ער האט געוואוסט, אז זיא וועט שוין פון דארט ניט אוועק, זאנדערן שטעהען הינטער דעם פארהאנג און איהם בעוועגען יעדעס מאל וואס ער וועט אהין קוקען.

ביז טאג האט ער שוין מעהר ניט געוואגט אהין צו קוקען. ער האט ניט גע־שלאפען מעהר, אבער ער האט ניט אויפגעהויבען זיינע אויגען, ווייל אויסער דעם וואס דער פארהאנג האט זיך בעוואויגען, האט ער אויך געזעהן איהרע נאקעטע פיס, שטעהענדיג דארט, הינטער דעם פארהאנג.

אבער ווייטער פון דעם פארהאנג, האט דיא ערשיינונג ניט אויסגעזעהען צו געהען. דארט איז זיא געבליעבען שטעהען און געהאט איין ארבייט, צו ציטערן מיט דעם פארהאנג, און אמאל אויך קראמפפהאפט בעוועגען מיט א פוס.

און רענארדעט איז געלעגען ציטערענדיג אין בעט, מיט זיינע פינגער פעסט צודריקענדיג דיא דעק, גראדע וויא אין יענעם טאג, ווען ער האט צוזאמענגעדריקט איהר האלז. א קאלטער שוויים איז ערשיענען אויף זיין לייב, דאן א היטץ. דיא פייכטקייט האט זיך אויסגעטריקענט, און א נייער שוויים איז ערשיענען.

ער האט געהערט וויא דיא אוהר האט אויסגעקלאפט שטונדע נאך שטונדע, ער האט זיך צוגעהערט צו דער שטילקייט, צו דעם אונהיימליכען שווייגען פון דער נאכט, און דאן האט ער געצעהלט דיא בעוועגונגען פון דער אוהר — און ער האט אויך געהערט דאס קלאפען פון זיין הארצען.

און דער אונגליקליכער האט געליטען אזעלכע קוואלען און שמערצען, וואס קיין מענש האט נאך געליטען!

ווען ער האט פערשטאנען, אז דער טאָג איז שוין נאהענט, האט ער גע־וואגט עטוואס ארויסצוקוקען פון הינטער זיין דעק. ערבליקענדיג א ליכטיגען שטרייף פון דיא מאָרגען־שטראהלען, האט ער זיך געשפירט בעפרייעט, אויסגעלעזט, און ענדליך ווידער אליין אין זיין צימער.

א טיעפער אטהעם־צוג האט אימער בעגלייטעט דיעזעס געפיהל, און פער־מאטערט איז ער צוריק געפאלען אין בעט. דאן איז ער איינגעשלאָפען אויף א פאאר שטונדען, אין איין אונרוהיגען און פיעבערהאפטען שלאָף, וואו ער האט אָפט אין טרוים געזעהען א ווידערהאָלונג פון זיינע וואכענדע פאנטאזיען אין דער נאכט. ער האט זיך געוואָרפען, געוויינט, און געשריען פון שלאָף.

ווען ער האט ערוואכט, האט ער געשפירט איין אלגעמיינע ענטקרעפטונג. אונטערדעסען האט ער זיך אָנגעצויגען, ארונטער געגאנגען עסען פריהשטיק, און זיך זעהענדיג אונטער מענשען, האט ער זיך געשפירט עטוואס בערוהיגט, אָבער, נאך אימער בליקענדיג ערשראָקען הינטער זיך, פיעללייכט פערפאָלגט איהם יעמאנד.

וויא ער האט אָנגעהויבען צו עסען, איז בייא איהם אלעס נמאס געוואָרען. דיא שרעק פאר איהר האט זאָגאר געלעהמט זיין מויל. ער האט זיך געשראָקען פאר דער קומענדער נאכט.

דיא קומענדע נאכט! ער איז געווען זיכער, אז אלעס וועט זיך נאך אמאל ווידערהאָלען.

טראָטץ דעם אלעמען, איז ער געווען איבערצייגט, אז דאס אלעס איז נאָר א פאנטאסטישע ערשיינונג וואס קומט פאָר אין זיינע אָבגעשוואכטע געהירן, אז טויטע זיינען טויט און קעהרען קיינמאל מעהר נים צוריק פון דעם פינסטערן קבר, און אלעס וואס ער זעהט, איז א רעזולטאט פון זיין קראנקער נשמה, וואס פלאגט און מארטערט איהם פאר זיין פערברעכען.

ער האט געזעהען אין דער ערשיינונג א וועקערין, איהם צו געבען דיא פרוכט פון זיינע זינד, דיא בעלוינונג פאר זיין פערברעכען.

מאנכע מאָל זאָגאר, האט ער זיך אויך אויסגעלאכט, אָבער דאס אלעס איז געווען אומזיסט. ער האט זיך נים געקענט בעפרייען פון דיא שוידערהאפטע בילדער און שרעקליכע סצענען.

פערנאנד האט דאס מעהרערע מאל בעמערקט, און איהם האט זיך אויסגעדאכט, אז זיא שטודירט דיא געגענד מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט און וויל אבמעסטען וויא וויים עס איז ביז צום אבגרונד פון דעם ים.

אין א טאג האט ער זיא געטראפען צוזאמען מיט אנטאן, דעם הארבאטען, שטעהענדיג הינטער א פייגען־בוים פערטיעפט אין געשפרעך. דאן האט ער געזעהן וויא נאיז איז ארויף געקראכען אויף דעם פייגען־בוים און אנגעפאנגען צו שפאסען מיט אנטאנען. זיא האט איהם געהייסען עפענען זיין מויל און זיא האט ארונטער געווארפען פייגען, וועלכע האבען איהם געטראפען אין געזיכט.

דער ארמער הארבאטש האט אויפגעעפענט זיין מויל, צוגעמאכט זיינע אויגען און זיין געזיכט האט אויסגעדריקט דיא גרעסטע פרייד פון דיעזען שפאס.

ניין, פערנאנד איז ניט געווען אייפערזיכטיג, אבער דאך, ווען ער האט זיא צום צווייטען מאל געזעהען אליין, האט ער זיך מיט איהר גערייצט.

זיא איז געווארען ערנסט און געענטפערט:

„אנטאן וועט פאר אונז געהען אפילו אין פייער. מען מוז נאר וויסען וויא מיט איהם אומצוגעהען. עס איז מעגליך, אז מען קען איהם נאך אמאל בענעטהיגען.“

אנטאן איז פון דאמאלס אן געקומען יעדען טאג נאך לא בלאנקארד. נאיז האט איהם געשטעלט צו א געוויסער ארבייט; ער זאל גראבען איין ארט קאנאל אום דאס וואסער זאל אבלויפען אין ים אריין.

פאטער ניקאלין איז צופריעדען געווען אנפאנגס מיט אנטאנ׳ס ארבייט, ווייל דער קאנאל איז ווירקליך געווען נעטהיג, אבער דער הארבאטש איז געווען צו שוואך און ער האט ניט געקענט אזוי גיך פערטיג ווערען. דאס האט פעראורזאכט, וואס ניקאלין האט איהם אנגעפאנגען צו בריקען מיט׳ן פוס, גראדע וויא ער האט בעהאנדעלט זיין טאכטער.

צווייא טעג און צווייא נעכט, האט דורכאנאנד גערעגענט. פערנאנד, וועלכער האט בעדארפט אויף דער אנדערער וואך אברייזען נאך א., האט בעשלאסען נאך איינמאל ארויס צו פאהרען אויף׳ן ים מיט ניקאלינען אום פיש צו כאפען.

נאיז האט איהם געהערט אויסשפרעכען זיין וואונש, און דא איז געווען אזוי בלאס וויא קאלך.

„איך וויל אבער האפען,“ האט פערנאנד בעמערקט, „אז מיר וועלען שוין מעהר ניט זעגלען געגען דעם ווינט וויא לעטצטעס מאל.“

נאַך האָט בעשלאָסען זיך מיט איהם נאָך אמאל צו בעגעגענען בייא נאַכט אויף דעם פרייען פעלד, גראַדע וויא דאמאלס, ווען זיא האָט איהם צום ערשטען מאל איהר ליעבע געשענקט.

אונגעפעהר אום 1 אוהר בייא נאַכט, האבען זייא זיך צוזאמען געטראָפען. דער רעגען האָט דעם באָדען ריין אָבגעוואַשען און א שטאַרקער בלומען־גערוך האָט ארויס געשטראָמט פון דעם אויפגעפרישטען גראָז.

זייא זיינען צוגעגאַנגען ניט וויים פון דעם ים־ברעג, ווען נאַיז, ציטערענדיג אין איהר גאַנצען קערפער, האָט איהם אָנגעכאַפּט און צוריק געצויגען.

„ניין, ניין!“ האָט זיא אויסגעשריען, „געה ניט דאָרט!“

„וואס איז מיט דיר, נאַיז?“ האָט ער געפרעגט ערשטוינט.

„גאר ניט, גאר ניט,“ האָט זיא געשטאַמעלט. „דאָ האָט אמאָן געגראָבען דעם קאַנאַל; דאַן איז דיא ערד שטאַרק דורכגענעטצט, און דער ברעג קען ארונטער פאַלען אין ים...“

לעטצטען ווינטער, האָט ווירקליך דאָרט ארונטער געשטירצט א שטיק ברעג.

זיא האָט איהם ארויף געפיהרט ווייטער אונטער איין אָליווען־בוים, וואו זייא האבען זיך געזעטצט. עס איז געוועזען א לעטצטע ליעבעס־נאַכט. נאַיז האָט דאס געוואוסט גאַנץ גוט.

פּלוצלינג האָט זיא אָנגעהויבען צו וויינען, און אָבוואָהל פערנאַנד האָט זיא עטליכע מאל געפרעגט ווארום זיא וויינט, האָט זיא איהם דאָך ניט געוואָלט ערקלערען. דאַן איז זיא גאַנץ שטיל געוואָרען.

אָבער ווען פערנאַנד האָט זיך גערייצט מיט איהר און געזאגט, אז זיא ליעבט איהם מעהר ניט און ער מאַכט זיא לאַנגווייליג, האָט זיא איהם אין א ווילדער אויפרעגונג אומארמט און געמורמעלט:

„ניין, זאג עס ניט! איך ליעב דיך מעהר וויא דוא קענסט דיר פאָר־שטעלען... אָבער, זעה, איך בין קראַנק... און דאס איז שוין אלעס צו ענדע; דוא וועסט אוועק פון דאַנען... מיין גאָט! אלעס, אלעס איז שוין צו ענדע!“

עס איז איהם געוועזען לייכט זיא צו טרייסטען דערמיט וואס ער האָט איהר פערשפּראָכען זיא צו קומען בעזוכען פון צייט צו צייט, און געכסטען הערבסט, ווען ער מיט איהר פערברענגען גאַנצע צוויא טאָגאַט צוזאמען.

זיא האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און איז געוועזען איבערצייגט, אז איהר ליעבעס־טרוים איז שוין צו ענדע.

ליידענשאפטליך האט זיא זיך וויעדער געוואָרפען אין זיינע ארעם, און זיא האט אויסגעזעהען, וויא א שטערבענדער וואס וויל נאך געניעסען אזוי פיעל זונענשיין וויא נאָר מעגליך, איידער דיא אויגען שליעסען זיך אויף אייביג.

אונגעפעהר אום דרייא אוהר האבען זייא זיך אויפגעהויבען, און אלס ער האט פון איהר גענומען אבשיעד, האָט ער זיא געקושט אויף דיא ליפּען. ער האט געשפירט, אז איהרע ליפּען זיינען אזוי קאלט וויא אייז, און איהר גאנצער קערפּער האט געפרוירען.

פערנאנד האט ניט געקענט שלאָפען מעהר. ער האט געלעזען א בוך ביז עס האט אָנגעהויבען צו טאָגען. דאַן האט ער זיך אָנגעלעהנט בייא א פענסטער און ארויס געקוקט אין דרויסען.

ניקאָלין איז ארויס געקומען אום ער זאָל געהען ארויס ציהען דיא נעטצען.

„אך, מאָנסיע פערנאנד!“ האט ער אויסגעשריען. „ווילט איהר אלזאָ מיט מיר ארויס פאָהרען אויף'ן ים?“

„ניין, פאטער ניקאָלין,“ האט ער געענטפערט. „איך בין זעהר שלעכט געשלאָפען דיא גאנצע נאכט. מיין גאנצער קערפּער איז וויא צובראָכען. מאָרגען וועלען מיר פאָהרען.“

ניקאָלין האט זיך אָבגעווענדעט אָהנע מעהר א וואָרט צו רעדען. ער איז אוועק גלייך צום ברעג פון ים, וואוהין ער האט בעדארפט ארונטער שטייגען אום אויפצובינדען דאס שיפעל וואס איז דאָרט געווען געאנקערט.

דאס שיפעל איז געשטאנען אקוראט געגענאיבער דעם אָליווען־בוים, וואו נאָיז האט צום ערשטען מאָל געגאָסען דיא פרוכט פון איהר ליעבע, און וואו אנטאָן האט לעטצטענס, אויף נאָיז'עס אויפטראג, געגראָבען א קאנאל צום אָבלויף פון וואסער.

פערנאנד איז געשטאנען ביים פענסטער און געקוקט. ער האט געזעהען וויא נאָיז איז ערשיענען פון וויטען צוזאמען מיט אנטאָנען, און ביידע האבען עפּעס געשפּראָכען, איילענדיג און אויפגערעגט, וואס ער האט ניט פערשטאנען.

דאַן האט אנטאָן געאיילט צום קאנאל און אָנגעפאנגען זעהר שנעל צו גראָבען. ער האט אָבגעלאָזען עטליכע וואסערלעך וואס זיינען צוריק געהאלטען געוואָרען, דאַן האט זיך געבילדעט א רינשטאק פון דיא וואסערן, און אלע האבען געפלאָסען אין קאנאל אריין.

דיא לופט איז געווען זעהר פריש, און פערנאנד האט זיך געשפירט אזוי בע־נייסטערט פון דעם הערר ליכען מארגען, אז ער האט ניט געקענט אוועק געהען פון דעם פענסטער. דאן האט פערנאנד געשפירט א לוסט צום רויכען, און ער איז אריין אין א צימער, אום זיך צו נעהמען א ציגארעטע.

גראדע אין יענעם אויגענבליק, האט זיך געהערט א פירכטערליכער גערויש. פערנאנד, מיט דער ציגארעטע אין דער האנד, איז צוריק געלאפען צום פענסטער און ארויס געקוקט. עס האט נאך געפאלגט איין קראך נאך'ן צווייטען, וויא צווייא מעכטיגע דונערן.

פערנאנד, אבוואהל ניט אין גאנצען אנגעקליידעט, איז ער ארויס אום צו זעהן וואס עס האט פאסירט.

דער ברעג מיט א שטיק פעלזען האט איינגעבראכען. ער האט געקענט פון וויטען זעהען, וויא אנטאן, מיט דעם גראב־אייזען אין דער האנד, האט זיך גע־רעטעט פון צווישען דיא חורבות.

גאנץ ארונטער, אונטען נעבען ים, איז געלעגען דער אליוען־בוים, מיט זיינע מעכטיגע ווארצלען, אויסגעריסען און האלב פערשאטען מיט ערד און שטיינער. פון דעם ים האט ארויס געשפריטצט א גרויסע מענגע שוים.

אונטערדעסען האט א שרעקליכער געשרייא דורכגעריסען דיא לופט, עס האט אויסגעזעהן וויא דער געשרייא פון א שטערבענדען אקס.

פערנאנד איז געווען צו איבערראשט ער זאל וויסען פון וואנען דער געשרייא קומט און ווער עס האט איהם ארויס געבראכט.

אויפהויבענדיג זיינע אויגען, האט פערנאנד בעמערקט, בייא דער אנדערער זייט פעלזען, וויא נאָיז איז געשטאנען אזוי בלאס און ציטערענד, דאס ער האט גע־דאכט, אז זיא מוז אין יעדען אויגענבליק ארונטער פאלען.

פערנאנד'ן האט ערגריפען א בעפעהל פון מיטלייד, און ער איז צוגעלאפען וואו נאָיז איז געשטאנען. ער האט זיא אנגעכאפט.

„וואס ווילסטו?" האט זיא געפרעגט ערשראקען.

„אום גאטעס ווילען, זעה וויא דוא זעהסט אויס! דוא וועסט דאך באלד ארונטער פאלען!"

„ניין, ניין, איך וועל ניט פאלען," האט זיא געענטפערט בערוהיגענד.

„אבער קום דאך אוועק פון דאנען."

„ניין."

„ווארום?"

„ווייל דאָרט, דאָרט....“

„וואס דאָרט? וואס מיינסטו?“

„דאָרט ליגט מיין פאטער!“

„דיין פאטער?“

„יא, דער גאנצער פעלזען איז אויף איהם ארויף געפאלען.“

ווען פערנאנד האט נאכהער אונטערזוכט דעם פּלאַטץ, האט ער זיך גע־מערקט, אז דאס אונגליק איז געשעהען דורך דעם קאנאל וואס אנטאָן האט גע־גראָבען.

אָבער איהם איז ניט איינגעפאלען, אז אנטאָן האט געגראָבען דעם קאנאל מיט איין אבזיכט צו פערשיטען דעם אלטען ניקאָלין, גראדע דאמאלס ווען ער וועט געהען אויפבינדען זיין שיפעל.

מיט א שטונדע שפּעטער, האט מען געפונען דעם קערפּער פון דעם אלטען ניקאָלין, שרעקליך צערשמעטערט אונטער דיא שטיינער.

„נאָר דורך א וואונדער האב איך מיך געראטעט,“ האט אנטאָן דערצעהלט אין א פיעבערהאפטען טאָן.“

„אָבער דער קאנאל איז דאָך אין גאנצען שולדיג געוועזען,“ האט א שכן ער־קלערט.

„יא, יא, דאס איז אמת,“ האט איין אנדערער געזאגט.

„און ווער האט געהייסען מאכען דעם קאנאל?“ האט איינער גע־פרעגט.

„פּאטער ניקאָלין,“ האט אנטאָן ערקלערט.

„דאן האט ער זיך אליין געגראָבען א קבר,“ האט דער צווייטער שכן בע־מערקט שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

מוטער ניקאָלין האט זעהר שטארק געוויינט, און קיינער האט ניט געקענט וויסען וואָרום זיא האט אזוי געקלאגט. א שכן האט בעמערקט לאכענדיג:

„זיא איז שוין אזוי געוואוינט געוואָרען צו זיינע קלעפּ, אז זיא וויינט יעטצט, ניט וויסענדיג, ווער עס וועט זיא נאך קענען אזוי גוט שלאָגען.

נאָין האט בעגלייטעט איהר פאטער'ס קערפּער צום קירכען־הויף, און איהרע אויגען זיינען נאָר געוועזען רויט, אָבער קיין טרערען האט זיא ניט פערגאָסען.

אויף'ן אנדערען טאָג, נאך דעם אונגליק, האט מאדאם ראָסטאנד בעשלאָסען צוריק צו פאָהרען נאך פּ.

פערנאַנד איז געווען זעהר צופריעדען דערמיט, דען ער האט זיך זעלבסט מודה געווען, אז ער איז שוין זאט פון נאַיז'ן, און אפילו ווען זיא זאָל זיך איהם פערגלוסטען איינמאל אין וואָך, איז ניט יעטצט, נאָך איהר פאטער'ס טויט, דיא צייט דאפיר.

„איברינענס," האט ער זיך געטראַכט, „איז עס נאָך מעהר וויא איך האב בעדאַרפט פערברענגען מיין צייט מיט א דאָרפס־מיידעל."

אויף דיעזער ארט, האט מען צוריק געקעהרט אהיים. מאַדאַם ראָסטאַנד איז געווען פאָלקאָמען צופריעדען פון איהר זוהן; דען, לויט נאָך איהרע אנזיכטען, האט ער זיך אויפגעפיהרט זעהר בראַוו אין לאַ בלאַנקאַרד.

זיא האט איהם דערפאר געגעבען נאָך מעהר פרייהייט וויא פריהער, און פערנאַנד האט אָנגעפאנגען צו פיהרען זיין לעבען וויא אמאל.

„צום טייפעל!" פלעגט ער מאנכע מאל זאָגען, „דיא שטאָדט קאָסט געלד און מען האט קיין הנאה ניט. דאָרט האב איך געהאט א יונגע, פרישע און געזונדע מויד נאָר פאר מיר אליין, און עס האט מיך ניט געקאָסט א סאנטים, און דאָ האט מען אלטע באָלעריעס, פון אל־דיא־שווארצע יאָהר, און זייא נעהמען נאָך צו דעם לעטצטען סאנטים... ווירקליך, מען מוז זעהען אויף נעכסטען זומער אויפזוכען עפּעס א צווייטע נאַיז... ניט גראַדע קיין נאַיז, זאָל עס זיין א שאַרלאַט, אבי זיס זאָל ניט קאָסטען קיין געלד און מען זאָל הנאה האבען."

פערנאַנד האט געהאט גרויסע צרות מיט געלד קריעגען. ער האט אפילו גע־האט 30 פראַנקס א וואָך צום ספּענדען, אָבער וואס האט דאס געקלעקט? קארטען, וויין, געזאנג און פּרוויענצימער, איבערהויפּט פאר א מענשען פון זיין גראד, האט מען ניט געקענט קריעגען מיט 30 פראַנקס א וואָך.

אונטערדעסען האט ער זיך איין עצה געגעבען. היינט האט ער דערצעהלט זיין מוטער, אז ער דארף קויפען געזעטץ־ביכער, מאָרגען דאס ער בענעטהיגט א בעסערע אוהר און איבערמאָרגען עפּעס אַנדערש. זיא האט איהם, אויף אזעלכע זאכען, אימער געגעבען א פערציגער. דאַן האט ער גלאַט געהאט א טבע צו געהען איבער זיין פאטער'ס שרייב־טיש, און ער האט שוין געהאט גוטע סמנים צו וויסען, וועלכעס געלד עס איז ניט געצעהלט, אום פון דאָרט עפּעס אַרונטער צו נעהמען.

אויף דיעזער ארט, האט פערנאַנד פערבראַכט דעם ווינטער אין א ים פער־גניעגען. ער האט זיך זאָגאר געבראַכט א פּרווינצימער פון מארסייל, איהר געדונגען א

האַהנונג אין דער פאַרשטאַדט, און דאָרט פערבראַכט די צווייטע העלפט פון דעם טאָג און די ערשטע העלפט פון דער נאַכט.

ווען ער האט צוריק געקעהרט אין זיין היים, האט ער געשפּיעלט די ראָלע פון דער מאמעס זוהן, און אין זיין שפּראַכע איז ניט געווען צו דערקענען וואס פאַר א לעבען ער פיהרט.

וואס עס אנבעלאַנגט נאַיז'ן, האט ער זיך נאָר דערמאָהנט אָן דער צייט ווען זיא האט איהם פערשאפט פערגניגען. דאס איז איהם געווען אנגענעהם. אום דעם איבריגען האט ער זיך ווענינ וואס בעקימערט.

## זעקסטעס קאַפּיטעל.

ווען דער פריהלינג האט גענרייכט, האט מאַנסיע ראַסטאַנד אריין גערופען זיין זוהן צו זיך און איהם ערקלערט, אז ער ווינשט, ער זאָל מיט איהם מיט־פאָהרען נאָך לאַ בלאַנקארד.

„יעטצט?" האט פערנאַנד געפרעגט ערשטוינט. „עס איז דאָך נאָך קאַלט?"

„עס איז ניט ווענען פערגניגען," האט דער פאטער געענטפערט, „נאָר ווענען געשעפט. איך האב בעשלאָסען אָבצוקויפען די בענאַכבאַרטע גוט, און איך וויל דוא זאָלסט מיט מיר פאָהרען, אום מיר זאָלען דאס גוט בעטראַכטען. דוא וועסט פיעללייכט אויך מוזען אויסשטעלען די פּאַפּירען."

פערנאַנד איז ניט צופריעדען געווען פון דער איינלאַדונג, נאָר ער האט נאַ־טירליך זיך ניט געקענט ענטזאַגען.

פאָהרענדיג מיט זיין פאטער, האט ער זיך נאָך אמאל דערמאָהנט אָן נאַיז'ן, אָן די נעכט וואס ער האט מיט איהר פערבראַכט, און וויא אַזוי זיא האט לעטצטענס אויסגעזעהען.

ביז דאַמאלס האט זיא נאָר צייטענווייז און אונדייטליך בעשעפטיגט זיינע געדאַנקען, נאָר די אידעע, פון ווידער ערשיינען אין לאַ בלאַנקארד, האט נאָך אמאל ארויס גערופען די עראינערונגען ווענען איהר מיט מעהר דייטליכ־קייט.

„וואס איז מיט איהר געשעהען?" האט ער זיך פלוצלינג געפרעגט, „ווארום האט זיא אַזוי שלעכט אויסגעזעהען איידער איך בין אוועק געפאָהרען?"

ער האט אָנגעפאַנגען צו זוכען אורזאַכען, און דאַן, האט ער בעמערקט צו זיך זעלבסט מיט א שמייכעלע:

„הם, איך פערשטעה. איך האב זיא צופיעל אָבגעמאַטערט. אָבער שאַדעט ניט, זיא האט זיך שוין געמוזט ערהאָלען זייט דאַמאלס...“

ער האט אין זיין פאַנטאַזיע ערבליקט נאַיזן אַזוי בליהענדיג און מונטער וויא אַמאל; מיט דיא פעסטע ברוסטען, שטאַרקע הענד און קרעפטיגען קערפּער.

„געוויס, געוויס,“ האט ער זיך געטראַכט, „זיא האט זיך שוין פּאָזיטיוו ער־האָלט.“

און פערנאַנד האט בעשלאָסען נאָך אַמאל אויפצרוועקען דיא אַלטע בעקאַנטשאַפט מיט נאַיזן. איבריגענס, ווען נאַיז איז אפילו אויך ניט אַזוי שעהן וויא אַמאל, איז ער אויך צופריעדען געוועזן, דען אין לאַ בלאַנקאַרד האט מען זיך גע־מוזט מיט איהר בעגנעהען, ווייל עס איז קיין אנדערע ניט געוועזן.

— — — — — — — — — — —

דיא נעכט האבען שוין אָנגעהויבען וואַרעמער צו ווערען. דער פריהלינג איז ערשיענען מילד און זאַנפט און אויפגעלעבט דיא געגענד. דאָ און דאָרט, אין דיא טהאָלען, צווישען דיא ריעזיגע פעלזען, וואוהין דיא זונען־שטראַהלען האבען נאָך ניט איינגעדרונגען, איז נאָך געוועזן שטיקער אייז איינגעפרוירען, אָבער דאס האט ניט געשטערט דיא פלאַכע פּלעטצער, זייא זאָלען שוין בעוואַקסען ווערען מיט גריגעם גראָז.

דיא בוימער האבען אָנגעהויבען צו צווייטען און בליהען, און דיא גרילען פון איין זייט, מיט דיא זשאַבעס אין דיא קליינע טייכלעך פון דער אנדערער זייט, האבען אָנגעצייגט, אז דער פריהלינג מיט זיין גאַנצער הערליכקייט איז ער־שיענען.

דער ים האט זיך אויך בערוהיגט פון דעם קאַלטען ווינטער און דיא וועללען האבען אין זיך אָבגעשפּיגעלט דיא בלאַסע לבנה מיט דיא פינקלענדע שטערען.

אין הויז פון דעם אַלטען ניקאָלין, איז איינגעטרעטען א גרויסע ענדערונג. פרוי ניקאָלין איז פערבליעבען אויף איהר מאַן'ס פּלאַטץ, און נאָך א פּאָאַר מאָנאַט צייט, האט זיא אָנגעהויבען איינצוזעהן, אז דאס לעבען אָהן קלעפּ, האט א גרעסערע און וויכטיגע בעדייטונג וויא פריהער.

זיא האט זאָגאר, צייטענווייז, געטראַכט זיפצענדיג, אז דער אַלטער ניקאָלין האט גאָר קיין עולה ניט געטהאָן דערמיט וואס ער איז פערשאָסען געוואָרען.

מוטער ניקאָלין האט געגעסען, געטרונקען און איז אונגעהייער פעט געוואָרען איבער דעם ווינטער.

נאָיז ווידער האט זיך שטארק אָבגעמאָגערט.

„וואס איז מיט דיר, נאָיז?" האט מוטער ניקאָלין אמאל געפרעגט איהר טאָכטער. דוא זעהסט אוים זעהר שלעכט? ביינקסטו נאָך דיין טאטען?"

„ניין, מאמע, ניט זעהר שטארק," האט נאָיז געענטפערט אויפריכטיג.

„וואָרום אלזאָ ביסטו אזוי גרין אויף'ן פנים?"

„איך בין וואהרשיינליך קראנק."

מוטער ניקאָלין האט זיך געווענדעט צו א שפרעכערין, און אויך צו א מכשף, א בעריהמטער מומחה, אָבער עס האט גאר ניט געהאָלפען.

אנטאָן, דער האָרבאטש, איז געוואָרען א בעשטענדיגער איינגעהער אין הויז. ער האט שוין זאָגאר דאָרט געוואָהנט זייט דיא לעטצטע צוויא מאָנאט. ער האט אכטונג געגעבען צו ערשפארען נאָיז'ן אלע ארבייטען, און בייא טאָג אָדער בייא נאַכט, האט ער אימער געגראָבען, געקלאפט און געהאקט האָלץ, אום נאָיז זאָל גאר ניט דארפען טהון.

אָבער דאס האט אויך ניט געהאָלפען.

עס איז געווען מיט א פאאר טעג פאר דיא אָסטער־פייערטאגען, ווען נאָיז און אנטאָן זיינען ארוים אויף'ן פעלד שפאצירען.

„טהוט דיר אזוי באנג נאָך דיין פאטער?" האט ער געפרעגט.

„ניין."

„וואס דען ערגערסט דוא דיך אזוי שטארק?"

„מיר טהוט ניט באנג נאָך איהם," האט זיא געענטפערט. „דיא וואהרהייט איז, דאס יעדעס מאל וואס איך עראינער מיך, אז ער איז טויט, שפיר איך גראדע וויא א לאסט פאלט מיר ארונטער פון מיין ברוסט. דוא, אנטאָן, ווייסט אמ־בעסטען, וויפיעל צרות איך האב פון איהם אויסגעשטאנען."

„איך ווייס."

„איך האב קיין חרטה ניט וואס איך האב פעראורזאכט זיין טויט. נאָר מיין צושטאנד מאכט מיך זעהר אונגליקליך..."

„איך ווייס, נאָיז, איך ווייס אלעס," האט אנטאָן בעמערקט טרייסטענדיג. „אָבער זייא ניט קיין נאר. דארפסט דיך אום קיין מענשען ניט קימערן. ווען דיא צייט וועט קומען דוא זאָלסט האבען דאס קינד, וועסטו קיינעם ניט מוזען אָבגעבען קיין חשבון."

„דאס ווייס איך, אָבער וואס וועט מען זאָגען אין דער נאכבארשאפט?"

„דערפאר האב איך דאָך דיך געראטהען, מיר זאָלען זיך פריהער פערהייראטהען און דאן זאָל עס הייסען, אז דאס קינד איז מיינס."

„ניין, דאס קען נים זיין."

דיא ארמע נאיז האט אָנגענומען אנטאָנ'ס גרויסע האנד און זיא געדריקט, מורמלענדיג:

„איך דאנק דיר, מיין פריינד, פאר דיין גוטער מיינונג, אָבער איך קען דיך פריהער נים הייראטהען, ביז איך וועל נים זיין פרייא פון אלעס. דאס קינד... דאס קינד...."

זיא האט מעהר נים געקענט רעדען, ווייל דיא טרערען האבען דערשטיקט איהר שטימע.

מיט איינינע נעכט שפעטער, האט נאיז שפאצירט נעבען ברעג פון ים און געקוקט אויפמערקזאם אויף דעם פלאטץ וואו דער פעלזען איז ארונטער געפאלען. זיא האט געהאט א דאָפעלע עראינערונג; ערשטענס איבער איהר ערשטער און אונשולדינער ליעבע, און צווייטענס איבער איהר פאטער'ס טויט.

דאן האבען איהרע אויגען געוואנדערט צו דער ערד, און זיא האט אויסגעזעהן עפעס צו זוכען אין דער דונקעלהייט. פלוצלינג האט זיא זיך אָבגעשטעלט נעבען א שטיין און איהם אויפמערקזאם בעטראכט, גלייך וויא זיא וואָלט איהם אָבגעוואוינען מיט איהר בליק. דאן האט זיא זיך אָנגעבויגען און פראבירט אויפצוהייבען דעם שטיין. אָבער ער איז געוועזן צו שווער פאר איהר. דער שטיין האט געוואויגען א 400 פונט און זיא האט איהם בלויז געריהרט פון פלאטץ.

„צו שווער," האט זיא געמורמעלט.

זיא איז געגאנגען ווייטער און זיך אָבגעשטעלט ביי א קלענערן שטיין. נאכדעם וויא זיא האט דיעזען בעטראכט א קורצע צייט, האט זיא געמורמעלט:

„טאנטע שארלאָט האט מפיל געוועזן בלויז פון אויפהייבען א 200 פונטינען שטיין. דער וועגט מעהר. לאָמיר זעהן וואס מיט מיר וועט זיין."

זיא האט זיך אָנגעבויגען און נאך שווערער מיה האט זיא אויפגעהויבען דעם שטיין מיטביידע הענד און איהם געהאלטען עטליכע סעקונדען אָנגעשפארט אויף איהר בויך. דאן האט זיא איהם אָבגעלאָזען און איז צוריק געשפרונגען אויף א פאאר שריט, כדי דער שטיין זאָל נים טרעפען אויף איהרע פיס. דער שטיין איז צוריק געפאלען מיט א דומפפען קראך אין זאמד.

„אך!" האט נאיז לייכט אויסגעשריען לייענדיג דיא האנד אויף איהר קרייץ.

א העפטיגער שמערץ האט דורכגעשאָסען איבער איהר גאנצען קערפּער.

זיא איז געבליעבען שטעהען אויף איינינע אויגענבליקען און זיך ניט געקענט ריהרען. דער שמערץ האט אָבער אויסגעזעהן לאנגזאם נאכצולאָזען, דען זיא האט זיך באלד וויעדער בעוואוינען און איז ווייטער געגאנגען.

זיא האט זיך אומגעווענדעט און איז צוגעגאנגען צו דעם ערשטען גרויסען שטיין. זיא האט איהם בעטראכט איינינע אויגענבליקען, דאן זיך אָנגעבויגען און האט איהם קוים ארום גענומען מיטביידע הענד.

נאיז האט אָנגעשטרענגט אַלע איהרע קרעפטען; איהרע פים האבען זיך טיעף איינגעגראָבען אין זאמד, און דאן, נאך גרויסער בעמיהונג האט זיא דעם אונ־געהייער שווערען שטיין אויפגעהויבען. אָבער ניט שטארק הויך פון דער ערד, בלויז אויף א שפּאן. זיא האט דעם שטיין אָבגעלאָזען און איז ארויף געפאלען אויף איהם מיט איין אויסגעשרייא פון שמערץ.

דאן האט זיא געגעבען א טיעפען זיפץ און איז אומגעפאלען אויף'ן גראָז אָהנמעכטיג.

דיא אָהנמאכט האט אויף א היבשער צייט געדויערט פון איהר דאס שוידער־האפטע געפיהל פון א פירכטערליכען שמערץ.

ווען זיא האט ערוואכט, איז זיא געלעגען מיט א העלפט פון איהר גערזיכט אין זאמד און זיך ניט געקענט ריהרען.

איהר גאנצער קערפּער איז געווען וויא אָבגעשטאָרבען, און איהר קרייץ האט זיא געשפּירט וויא איבערגעבראָכען. אין בויך האט זיא געפיהלט א שטעכענדע און שניידענדע וועהטאג און איהר גאנצעס לייב איז געווען בעדעקט מיט א קאלטען שוויים. זיא האט פעסט צוזאמענגעדריקט איהרע ציינער פאר שמערץ, אָבער זיא האט ניט געקרעכצט מעהר.

דאס קיהלע וועטער און דיא פרישע לופט פון דעם ים, האט זיא עטוואס געשטארקט, און נאך א שטונדע צייט, האט זיא פּרובירט זיך אויפצוהייבען. נאך שווערער מיה, איז איהר געלונגען זיך אויפצושטעלען אויף דיא פים.

ווען נאיז איז אהיים געקומען, איז שוין איהר מוטער לאנג געשלאָפען. אנטאָן איז אָבער נאך געזעסען פאָרענט אויף א באנק און זיא ערווארטעט.

„וואו ביסטו געווען, נאיז?" האט ער געפרעגט. „איך האב דיך ארום געזוכט איבעראל."

זיא האט געמורמעלט איין אונפערשטענדיגען ענטפער, און איז אריין אין הויז. זיא האט זיך באלד אריינגעלייגט אין בעט.

„דוא ביסט זעהר קראנק," האט אנטאן געזאגט איהר נאכגעהענדיג.

„ניין, איך בין ניט קראנק," האט זיא געענטפערט. „געה שלאפען, ווען איך וועל שלעכט פיהלען, וועל איך דיך רופען. געה ארויס, איך בעט דיך, איך וויל רוהען."

וויא א נעהארזאמער הונד, האט דער הארבאטש בעפאלגט איהרע ווערטער און איז ארויס געגאנגען.

נאיז איז געלעגען זעהר שפעט אין בעט אויף'ן אנדערן טאג, נאר אום מיטאג־צייט איז זיא ארונטער געגאנגען און האט ביז אבענד געארבייט אונגעהייער פיעל. זיא האט געוואשען וועש, פערקנעטען לייס אבצושמירען דיא ווענט אין דרויסען און געקאכט נאכט־מאהל.

ווען עס איז דונקעל געווארען איז זיא אוועק, און אויסגעמיעדען קיינער זאל ניט זעהן וואוהין זיא געהט.

ווען זיא האט געגרייכט צום ברעג פון ים, האט זיא נאך אמאל אויפגעזוכט דעם גרויסען שטיין, און זיך וועלענדיג אנבייגען צו איהם, איז זיא אומגעפאלען וויא דורכגעשאסען מיט א קוגעל.

א פירכטערליכער שמערץ האט געוויטהעט אין איהר קרייץ און אין בויך און זיא איז געלעגען אויף'ן זאמד גאנץ הילפלאז. דער שמערץ האט צייטענווייז נאכגעלאזען, אבער זיא האט זיך נאך אימער ניט געקענט ריהרען. ענדליך האט זיא זיך דאך אויפגעהויבען אויף א פאאר סעקונדען, אבער זיא האט זיך געמוזט צוריק לייגען.

דאן האט זיא אנגעפאנגען צו שפירען, אז דיא פרוכט פון איהר ליעבע, געהט אויף דער וועלט פאר דער צייט.

„דאך געווירקט," האט זיא געמורמעלט האלב דערפרייט, שפירענדיג, אז זיא ווערט בעפרייעט פון דעם קינד אונטער איהר הערצען.

ווען זיא האט דאס קינד געבוירען, האט זיא זיך אויפגעזעטצט, און ביים שוואכען שיין פון דער לבנה מיט דיא שטערען, האט זיא דאס אנגעקוקט.

„טויט, עס איז טויט," האט זיא געמורמעלט ציטערענדיג.

דער שמערץ האט כמעט אין גאנצען נאכגעלאזען, אבער זיא איז געווען זעהר שוואך. זיא האט געשפירט א גרויסען דורשט, און טאפענדיג מיט דיא הענד ארום

זיך, האט זיא אנגעטאפט איינעם פון דיא מעהרערע קוואלען וואס האבען דארט געפלאסען פון דעם זאמד. זיא האט זיך צוגערוקט און אנבייגענדיג איהר קאפ, האט זיא געטרונקען פון דעם וואסער וואס האט איהר ערפרישט.

נאיז האט זיך אנגעלעהנט אויףביידע הענד און זיך אויפגעהויבען, מיט־נעהמענדיג דאס טויטע קינד אין איהר אונטער־קלייד וואס זיא האט אויסגעצויגען. זיא האט זיך עטליכע מאל ארום געקוקט, דאן האט זיא זיך פארזיכטיג דער־געהנטערט צום ים.

זיא האט נאך אמאל א קוק געגעבען אויף דעם טויטען קינד, און נאכדעם האט זיא דאס אריינגעווארפען אין וואסער. דער ווארף האט צוריק געשפריצט אביסעל וואסער אויף איהר געזיכט, און בליקענדיג ווייטער, האט זיא געזעהען וויא דיא וועללען האבען דאס קינד אוועק געטראגען ווייטער, און דאן האט דער ים איינגעשלונגען זיין אפפער.

נאיז האט אויפגעשוידערט און האט זיך אבגעווענדעט צוריק. אבער זיא איז נים פיעל געגאנגען, דען איהר קאפ האט אנגעפאנגען צו רוישען און זיא איז אומ־געפאלען אהנמעכטיג.

מיט 15 מינוטען שפעטער, האט אנטאן געפונען נאיז'ן ליעגענדיג האלב טויט אויף'ן זאמד.

„נאיז!“ האט ער אייסגעשריען ערשראקען, „וועה איז מיר, וואס האט מיט דיר פאסירט?“

זיין שטימע האט זיא אויפגעוועקט.

„דוא ביסט עס, אנטאן? מיין פריינד?“ האט זיא געפרעגט.

„יא, איך בין עס. וואס טהוסטו דא?“

„גאר ניט. איך בין געשלאפען.“

„קום אהיים, דוא וועסט דיך פערקיהלען.“

„איך קען ניט. איך בין זעהר שוואך.“

דער הארבאטש האט בעטראכט נאיז'ן מיט א בליק וואס האט אנגעצייגט, אז ער מעסט זיא אב, אום צו וויסען וויא אזוי ער זאל זיא קענען טראגען אויף זיינע הארבאטע פלייצעס.

„איך וועל דיך טראגען אהיים“, האט ער געזאגט.

„געה דוא נאר, דוא קענסט ניט,“ האט זיא געענטפערט. „דוא ביסט א שוואכער קאליקע.“

אנטאן איז געבליעבען שטעהן פערצווייפעלט.

„פריינד,“ האט זיא געמורמעלט, „בעמיה דיך ניט אום מיר, ווייל איך האב עס ניט ווערטה.“ דוא ביסט איין עדלער מענש און איך בין איין אונגליקליכע לייכטזיניגע. לאז מיך דא צורות ביז עס וועט מיר בעסער ווערען.“

„נאיז, אום גאטעס ווילען! וואס איז געשעהען? איך זעה, ביים בלאסען שיין פון דער לבנה, אז דיין געזיכט איז ווייסער פון דיא קאלך־שטיינער. איך וועל לויפען רופען הילפע.“

„ניין, ניין, אנטאן, דוא זאלסט ניט געהען. בלייב דא. זעטץ דיך נעבען מיר.“

אנטאן האט זיך געזעטצט, און געהאלפען נאיז'ן אויפהייבען דעם קאפ, וועלכען זיא האט אוועק געליינט אויף זיין שויס.

איהרע צעפ זיינען געוועזען אויפגעפלאכטען און נאס פון דעם קאלטען שוויס וואס האט זיא בעשלאגען. אנטאן האט געשפירט, אז זיא ציטערט. ער האט ארונטער גענומען זיין ראק און זיא איינגעוויקעלט.

דער ראק איז נאך געוועזען א ווינטערינער און דאס האט נאיז'ן איינגעווארעמט אביסעל.

אנטאן האט געוואגט צום ערשטען מאל זיך צו צובייגען און אבפרעסען זיינע ליפען אויף נאיז'עס שטערען.

זיא האט געעפענט דערבייא דיא אויגען און געשמייכעלט.

„וואס איז געשעהען?“ האט ער געפרעגט, קריעגענדיג מעהר מוטה.

„איך האב געהאט א קינד,“ האט זיא געענטפערט גאנץ רוהיג.

„א קינד? וואו?“

„אט דא, אויף דיעזען פלאטץ.“

„וואו איז עס?“

„עס איז אוועק.“

„אוועק? ווער? וואוהין?“

„אין ים.“

„וואס הייסט אין ים?“

„איך האב דאס אהין אריין געווארפען.“

דער פראסטער אנטאן, וואס האט ניט גענאסען קיין אוניווערזיטעטס בילדונג, וועלכער האט קיין אומנאנג געהאט אין דער געבילדעטער געזעלשאפט, איז איינגעציטערט געווארען הערענדיג, אז נאיז האט ערמארדעט איהר קינד.

„וועה איז מיר!“ האט ער אויסגעשריען. „דוא האסט ערמאָרדעט דיין קינד?“

„ניין, איך האב עס ניט ערמאָרדעט,“ האט זיא געענטפערט ציטערענדיג. „דאס קינד איז געבוירען געוואָרען טויט, און אום עס זאָל מיר ניט שטעהן אין וועג, האב איך עס אריין געוואָרפען אין וואסער. עס איז בעסער אזוי, אנטאָן, איך וועל יעטצט זיין פרייא, און איך וועל מיט דיר הייראטהען אָהנע צו ברענגען א פרעמד קינד.“

„אָבער וויא אזוי האסטו געבוירען דאס קינד דאָ?“

„מיט געוואלט, מיט געוואלט...“ האט זיא געמורמעלט מיט א דערשטיקטער שטימע. זעהסטו יענעם שטיין דאָרט? נעכטען האב איך איהם אויפגעהויבען, און דאס האט ארויס געריסען דאס קינד... יעטצט בין איך לויז, יעטצט בין איך פרייא... קיינער וועט ניט וויסען, און ניעמאנד וועט מיך פעראכטען... יא, יא, אנטאָן, נאָר דוא אליין ווייסט, זאָגסט ווייס קיין מענש דאריבער.“

אנטאָן האט פערשטאנען.

„אָבער וויא אזוי קומט מען אהיים?“ האט זיא וויימער געפרעגט. „איך פיהל מיך אזוי שוואך, אז איך קען מיך ניט ריהרען. אך, אנטאָן, ווען דוא זאָלסט זיין א שטארקער מענש, וואָלסטו מיך יעטצט אָבגעטראגען אהיים.“

„איך בין שטארק, נאַיז!“ האט דער האָרבאטש אויסגעשריען בעגייסטערט. „איך בין זעהר שטארק. דוא וועסט זעהן. איך וועל דיך טראָגען אויף מיינע שולטער. פאס נאָר אביסעל מעהר מוטה און לאָז דיך, איך זאָל דיך נעהמען אויף מיינע פלייצעס...“

נאַיז האט גאר ניט געענטפערט. ווען אנטאָן האט זיך צו איהר אומגעקוקט, איז זיא גלעגען מאכטלאָז. זיא האט וויעדער געחלש׳ט.

אָהנע פיעל צייט צו פערלירען, האט אנטאָן צערטליך ערגריפען נאַיז׳עס אויסגעמאָגערטען קערפער, און מיט א קראפט וואס מען וואָלט איהם ניט געקענט טרויען, האט ער זיא אויפגעהויבען פון דער ערד, און ארויף געלייגט אויף זיינע שולטער, און אָנגעפאנגען צו טראָגען.

ער איז אנפאנגס געגאנגען שנעל, אָבער דיא לאסט האט איינגעבויגען זיין קערפער און זיינע טריט זיינען געוואָרען לאנגזאמער. נאַיז׳עס פיס האבען בעריהרט דיא ערד, און דאס האט שטארק געשטערט זיין גאנג ארויף דיא פעלזען.

אָבער ער איז ניט געבליעבען שטעהן. ער האט אונגעהייער געסאפעט, נאָר

ער איז נעגאַנגען פאָרווערטס, ביז ער האָט ענדליך ערגרייכט דעם פלאַכען באָרען
דאָרט איז ער צוזאַמענגעפאַלען מיט נאַיז'ן אויף זיך.

נאַיז האָט ערוואַכט.

„וואו בין איך?" האָט זיא געפרעגט.

דער אַרמער האָרבאַטש האָט ניט געקענט ענטפערן.

„אַנטאָן!" האָט זיא געמורמעלט. „דוא ביסט עס?"

„יא," האָט ער אַרויס געשטאַמעלט.

נאַיז האָט זיך בערוהיגט און איז אַליין אַרונטער פון זיין קערפּער.

„האָסט מיך געטראָגען?" האָט זיא געפרעגט.

„יא, נאַיז, איך האָב דיך געטראָגען. לאָז, איך וועל מיך נאָר אויסרוהען
ביסעל, און דאַן וועל איך דיך ווייטער טראָגען."

„ניין, ניין, איך קען שוין געהען," האָט נאַיז געענטפערט, און אַנטאָן, וועלכער
האָט זיך קוים אויפגעהויבען פון דער ערד, האָט איהר געהאָלפען אויפ־
שטעהען.

נאַיז האָט איהם פעסט אַרום גענומען, און האַלב געהענדיג, האַלב טראָ־
גענדיג, האָט אַנטאָן ענדליך אַהיים געבראַכט דיא אונגליקליכע.

„פיהר מיך אַריין אין מיין צימער," האָט זיא געזאָגט, „און זעה דיא מאַמע
זאָל ניט וויסען וואָס עס איז געשעהען."

„יא, יא," האָט ער געענטפערט.

ער האָט זיא אַריינגעבראַכט אין צימער.

מוטער ניקאָלין איז דאַמאַלס געווען אין הויף, וואו זיא האָט אויסגעהאָנגען
דיא וועש, וואָס נאַיז האָט דעם גאַנצען טאָג געוואַשען.

„דיא מויד איז נאָך נישטאָ!" האָט דיא אַלטע אויסגעשריען אַריינ־
קומענדיג.

זיא האָט בעמערקט דיא טהיר פון נאַיז'עס צימער שטעהענדיג אָפען.

„שוין אַהיים געקומען?" האָט זיא געפרעגט זיך מערקענדיג, אַז נאַיז האָט
צוריק געקעהרט.

„יא, יא, נאַיז איז דאָ," האָט אַנטאָן געענטפערט, „אָבער זיא איז זעהר
קראַנק."

„קראַנק? וואָרום? וואו איז זיא געווען?"

אַנטאָן האָט דערווייל אָנגעצונדען אַ ליכט און מוטער ניקאָלין, וועלכע האָט

זיך געוואָלט בייזערן, אין פּלוצלינג שטיל געוואָרען, ווען זיא האט דערזעהען איהר טאָכטער'ס טויט־בלאַסעס געזיכט.

„וואס איז מיט דיר, נאַיז?" האט זיא געפרעגט.

„גאר ניט, מאמע, עס וועט פאַראיבער געהען."

נאַיז איז אַבגעלעגען א גאנצע נאכט אין א ברענענדעס פיעבער. מוטער ניקאָלין האט געוואכט גאנץ שפּעט איבער איהר, אָבער פּארטאָג איז זיא איינגע־שלאָפען. אנטאָן איז ניט געשלאָפען און ניט אַבגעטרעטען פון איהר בעט.

„ווייסטו, אנטאָן," האט נאַיז געמורמעלט פון היטץ. עס איז גוט געווען וואס אונזער פּלאַן איז געלונגען. מיין טאטע איז טויט? האסטו געזעהען וויא זיין קערפּער איז צעררּיסען געוואָרען? אך, וויא ער פלעגט מיך שלאָגען! ער האט געוואָלט ערמאָרדען פערנאַנד'ן, וועלכען איך האב אזוי שטארק ליעב... ווען דער טאטע איז טויט, וועל איך מיך נאך אמאל קענען בעגעגענען מיט פערנאַנד'ן... אָבער פּלוצלינג האב איך אָנגעהויבען צו שוואַנגערן; דאס האט מיך געמאכט מיאוס און העסליך... איך מוז פּטור ווערען פון דעם קינד, דאַן וועל איך ווידער זיין שעהן, און פערנאַנד וועט צו מיר קומען, און מיר וועלען אויפזוכען איין אנדערן אַליווען־בוים... דענקסטו, אז פערנאַנד ליעבט מיך ניט? און וואס ווערט דער־פון? אָבער איך ליעב איהם! און ער האט מיך אויך ליעב, ווען איך בין שעהן און שטארק... יא, יא, ווען איך שוואַנגער מעהר ניט, וועל איך זיין שעהן... אין מאָנאט יולי וועט ער ווידער קומען, און ביז אהין וועל איך זיין שעהן און געזונד... וואס מאכט עס דיר פאר איין אונטערשיעד? דוא, אנטאָן, האסט דאך מיך אזוי ליעב, אז דוא וועסט מיר ניט שטערען מיין פערגניגען.... ביסטו דען ניט צופריעדען, איך זאָל זיין דיין פרוי און מיך אויך אונטערהאלטען מיט פערנאַנד'ן? מאדאם ראַסטאנד טאָר פון קיין זאך ניט וויסען, ווייל זיא וועט דאַן פאַרווירפע מאכען איהר זוהן... דוא פערשטעהסט..."

דיא אנשטרענגונג פון רעדען, האט ווידער פעראורזאכט איין אָהנמאכט מיט א קאַלטען שוויים, וואס האט ארויס געבראכט א קלעפּעדיגע נאסקייט אויף איהר גאַנצען קערפּער.

אנטאָן איז געווען פערצווייפעלט. ער האט פערשטאנען, אז נאַיז איז אין גרויסער געפאהר, און ניט געוואוסט וואס ער זאָל טהון.

ווען נאַיז האט ערוואכט, זיינען איהרע שווארצע אויגען געווען צוויי מאל אזוי גרויס וויא פריהער, און אויף איהרע בלאַסע ליפּען האט זיך בעוויזען א מיעדער שמייכעלע.

דאס פיעבער איז אוועק און זיא איז געוועזן גאנץ רוהיג.

„איך בין זעהר שוואך, אנטאָן,“ האט זיא געמורמעלט אָנגעהמענדיג זיין האנד.

„וואס זאָל איך טהון?“ האט ער געפרעגט.

„גאר ניט.“

זייער געשפרעך איז אונטערבראָכען געוואָרען, ווען א דראָשקע איז צוגעפאָהרען אין פראָנט פון הויז.

„ווער איז דאָרט?“ האט נאָיז געפרעגט.

אנטאָן איז צוגעגאנגען קוקען.

„עס איז דער אַלטער מאָנסיע ראָסטאַנד מיט זיין זוהן“, האט אנטאָן אָנגעציינט.

„פערנאַנד?“ האט זיא געפרעגט ערפרייט.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און ראָסטאַנד מיט זיין זוהן זיינען ערשינען.

דעם אַלטען ראָסטאַנד'ס אויגען זיינען געפאַלען אויף דאס בלאַסע געזיכט פון נאָיז'ען, וועלכע ער האט ניט דערקענט.

„וואו איז מוטער ניקאָלין?“ האט ער געפרעגט. „און וואו איז נאָיז?“

פערנאַנד האט יא דערקענט נאָיז'ן, אָבער ער האט גאר ניט געזאגט.

מוטער ניקאָלין האט ערוואכט פון דעם גערויש.

„אך!“ האט זיא אויסגעשריען איבעראשט. „עס איז מאָנסיע ראָסטאַנד! מיין טאָכטער איז זעהר קראַנק.“

ראָסטאַנד האט אין קורצע ווערטער ערקלערט, אז ער מוז פערבלייבען אין לא בלאַנקארד עטליכע טעג, און מוטער ניקאָלין זאָל געהען אויפשליסען דיא זומער וואָהנונג. דאן האט ער זיך געווענדעט צו נאָיז'ען, און זיא געפרעגט וואס עס פעהלט איהר.

נאָיז האט געזאגט, אז זיא איז קראַנק און וויים ניט דיא אורזאכע.

„האט מען גערופען א דאָקטאָר?“ האט מאָנסיע ראָסטאַנד געפרעגט.

„ניין,“ האט דער האָרבאטש געענטפערט.

„מען דארף ניט קיין דאָקטאָר,“ האט נאָיז געמורמעלט.

מאָנסיע ראָסטאַנד האט זיך אָבגעווענדעט, און ערקלערט, אז ער וועט שיקען דעם טרייבער פון דער דראָשקע נאך מארסייל פון דאָרט ברענגען א דאָקטאָר.

פערנאנד איז נאך פערבליעבען א פאאר מינוטען אין צימער, אום צו פרעגען אנטאָנען וואס עס איז געשעהען.

„זיא האט געבוירען א קינד,“ האט אנטאָן איהם ערקלערט נאָך זאָל ניט הערען. „אייער קינד האט זיא געבוירען.“

„און וואו איז דאס קינד?“ האט פערנאנד געפרעגט ערשראָקען.

„אריין געוואָרפען אין ים.“

פערנאנד האט פרייא אויפגעאטהעמט.

„ווייס נאך ימאנד דערפון?“ האט ער ווייטער געפרעגט.

„ניעמאנד אויסער איך און זיא.“

„דאן מוז מען ברענגען א דאָקטאָר זיא צו רעטען,“ האט פערנאנד ווייטער ערקלערט.

ווען ער איז ארויס אין דרויסען, האט ער געהערט זיין פאטער'ס לעטצטע ווערטער צום טרייבער:

„זאָגט דר. דאנטאָן, אז איך רוף איהם אהער. ער זאָל זאָפאָרט קומען, און איך וועל איהם בעצאָהלען פאר דעם וויזיט. ער זאָל קיין אויגענבליק פער־זאמען.“

„יא, יא, קיין אויגענבליק פערזאמען,“ האט אויך פערנאנד ווידער־האָלט.

פאטער און זוהן זיינען אריין אין זייער זומער וואָהנונג, און בעשלאָסען זיך פריהער אביסעל אויסצורוהען פון דעם וועג.

פערנאנד האט ניט געקענט רוהען, און ערקלערט דעם פאטער, אז ער געהט ארויס אביסעל צום ים.

„יא, יא, געה,“ האט מאַנסיע ראָסטאנד געזאגט. „זעה, פיעללייכט וועסטו קענען בעשטעלען פאר אונז עפעס עסען בייא א שכן, וויל מוטער ניקאָלין האט יעטצט צו טהון בייא איהר טאָכטער.“

נאָך האט דערווייל געקריעגען א בלוט־שטורץ, און זיא האט איהר מוטער ניט געוואָלט זאָגען דאריעבער.

דאס פיעבער האט צוריק געטרעטען און זיא איז בלויז געבליעבען ליעגען שטארק אבגעשוואכט.

ווען מוטער ניקאָלין איז ארויס פון צימער, האט נאָך צוגערופען אנטאָנען.

„אנטאָן, מיין פריינד,“ האט זיא געמורמעלט. „זייא האבען געשיקט ברענגען א דאָקטאָר, האסטו געזאָגט?“

„יא, נאיז.“

„עס וועט שוין זיין צו שפעט.“

„ניין, ניין נאיז, דוא וועסט לעבען און געזונד ווערען....“ האט אנטאָן נע־שטאַמעלט, וועהרענד דיא טרעהרען זיינען געלאָפען פון זיינע אויגען.

„וויין ניט, נאַר,“ האט זיא גענענטפערט. „וויין ניט. וואס איז דאָ צו ווינען? איך האב אויך געמיינט, אַז איך וועל לעבען, נאַר עס איז ניט אַזוי. הער, איך וויל דיך עפּעס בעטען.“

„איך וועל אַלעס טהון פאַר דיר.“

„נעה אַרויס און זוך אויף פערנאַנד'ן. זיין פאָטער דאַרף דערפון ניט וויסען. זאָג איהם, אַז איך האב איהם געבעטען, ער זאָל אהער אריינקומען. ווען דוא וועסט איהם זאָגען, אַז איך ליעג אַם שטערבען, וועט ער קומען.“

ווען אנטאָן האט איבערגעגעבען פערנאַנד'ן נאיז'עס וואונש, האט דער יונגער מאַן אַנפאַנגס געצעגערט, נאַר ענדליך האט ער איינגעשטימט אַריין צו געהען אין נאיז'עס צימער, און אנטאָן זאָל אויפּפּאַסען ניעמאַנד זאָל זיך אונטערהערען צו זייער געשפּרעך.

נאיז האט בעגריפען, אַז זיא האט ניט פיעל צום לעבען, נאַר ווען זיא האט ערבליקט פערנאַנד'ן, האבען איהרע אויגען אויפגעגלאַנצט.

„דוא ביסט געקומען?“ האט זיא געפרעגט. „גוט, גוט, איך דאַנק דיר. קום אהער נעהנטער.“

ער איז צוגעגאַנגען און איהר געגעבען זיין האַנד, וועלכע דיא שטערבענדע האט צוגעפיהרט צו איהרע ליפּען.

„פערנאַנד, מיין הערצענס־געליעבטער!“ האט זיא געמורמעלט. „דוא ווייסט נאַר ניט וואס איך האב צוליעב דיר געאָפּפערט. איך האב געפּלאַנט צו ערמאָרדען מיין פאָטער, און איך האב איהם אויך ערמאָרדעט...“

„וואס רעדסטו, נאיז?“ האט פערנאַנד אויסגעשריען. ער האט זיך אָבער באַלד בערוהיגט, מיינענדיג, אַז זיא פאַנטאַזירט.

„יא, יא, איך האב איהם ערמאָרדעט,“ האט זיא פאַרטגעזעטצט. „אָבער וואס מאַכט עס אויס? ער איז דאָך געוועזען אַ שלעכטער מענש... דאַן האב איך איהם געוואָלט הרג'ענען, כדי ער זאָל דיך ניט הרג'ענען... געדענקסטו דיא גע־שיכטע מיט'ן שיפעל פון זעגלען נעגען דעם ווינט? ער האט דאס אַבזיכטליך גע־טהאָן, וויל ער האט דיך געוואָלט דערטרינקען... דאַן האט ער דיך געוואָלט

שיסען, און איך האב איהם ארוים געריסען דיא ביקס... יעטצט האב איך געוואָלט זיין שעהן צוליעב דיר, און איך האב מיט געוואלט ארוים געריסען דאס קינד פון מיר... פערצייהע, פערנאנד, איך האב דיך זעהר שטארק געליעבט... קיינער וועט ניט וויסען... קוש מיך נאך איינמאל איידער איך שטארב...״

פערנאנד האט זיך צונעבויגען און זיא געקושט אויף איהר שטערען. איהרע גרויסע אויגען האבען זיך שטארק געעפענט, און אויף איהרע ליפען האט זיך בעוויעזען א מונטערער שמייכעל פון דאנקבארקייט. דאן האט איהר קערפער זיך אויסגעצויגען, א שטארקען ציטער געטהאָן, און איז געבליעבען ליעגען טויט מיט דעם שמייכעל אויף איהרע ליפען.

פערנאנד האט שנעל אריינגערופען מוטער ניקאָלין מיט אנטאָנען און ער האט פערלאָזען דאס צימער.

ער איז אריין צום פאטער און איהם מיטגעטהיילט, אז נאָיז איז געשטאָרבען.

„שאדע, זיא איז געווען א בראוועס מעדכען,״ האט מאָנסיע ראסטאָנד בעמערקט.

ווען פערנאנד האט שפּעטער נאכגעדענקט איבער אלעס וואס עס האט פּאַסירט, האט ער צו זיך אליין געמורמעלט:

„מערקווירדיג! וויא זיא האט זיך געענדערט! און דאך ניט מעהר וויא א דאָרפס־מיידעל — א דאָרפס־מיידעל...״

## 7טעס קאפּיטעל.

נאטירליך האט מאדאם ראָסטאנד געהאט דיא הויפּט דעה אויסצוזוכען פיר איהר זוהן א כלה. פערנאנד, וויא א גוטער און געהאָרזאמער זוהן, האט בעדאַרפט הערען, זעהן און שווייגען.

איבריגענס, וואס איז איהם אָנגעגאַנגען? א ווייב איז א ווייב. געלד, נדן און פערמעגען, האבען זיינע עלטערן געגעבען, און אזוי וויא זייא קאָסט עס אזוי טהייער, וועלען זייא געוויס וועלען זייער זוהן זאָל האבען א פאסענדע פרוי. מען ניט דאך ניט אוועק אומזיסט קיין געלד פאר קיין סחורה!

באלד נאך דיא אָסטער־פייערטאגען, איז מאדאם ראָסטאנד און איהר זוהן אוועק געפאָהרען נאך ב. צו דעם דאָרטיגען גוטס־בעזיצער, אָנצוקוקען פריילין נינאָן, „דיא שעהנע רויז.״ וויא מען האט זיא גערופען אין דער גאנצער געגענד.

נינאָן איז ווירקליך געווען א וואונדער־שעהנעס מעדכען; דערצו אויך זעהר געבילדעט און האט פערשטאנען גוט מוזיק. איהר פאטער איז שולדיג געווען מאַנסיע ראָסטאנד א היבשע סומע געלד, און מען האט בעהויפטעט, אז נינאָן וואָלט ניעמאלס איינגעשטימט צו דיעזען שידוך, ווען זיא וואָלט ניט געוואוסט, אז פון איהר „ניין" אָדער „יא" הייננט אָב זיין אונגליק אָדער גליק.

פערנאנד איז געווען איבערראשט. ער האט אויך ניעמאלס געזעהן אזא שעהנעס מעדכען.

וויא ער האט זיא נאָר ערבליקט, האט ער באלד אָנגעפאנגען מיט זיינע אויגען אָבמעסטען איהר טאליע, איהר ברוסט, איהרע שולטער און איהר הויכקייט. לויט זיין ערפאהרונג אונטער פרויענצימער, האט ער זיך געטראכט, אז זיא וועט קענען ערפילען זיין וואונש נאך מעהר וויא ער האט זיך פאָרגעשטעלט.

זייא האבעןביידע געשפראָכען. אין איהר טאָן איז געלעגען א פערבאָרגענע פעראכטונג און גלייכגילטיגקייט, און אין זיין האלטונג איז געלעגען דיא איפרעגונג פון דער בעסטיע. ער האט אין איהר געליעבט דאס ווייבליכע, און זיא האט איהם געהאסט, ווארום ער איז ערשיענען צו שטערען איהרע לעבענס־פלענער.

ניין, נינאָן האט זיך קיינמאל ניט פאָרגעשטעלט אזא מענשען אלס איהר מאַן.

האט דאס מאדאם ראָסטאנד אויך בעקימערט? דאס קען מען ניט בעשטימען. אָבער ווען יא, מאכט עס אויך ניט אויס.

„שאַדעט ניט." האט זיא זיך געטראכט. „זייא וועלען זיך שוין איינפערשטעהן נאך דער חתונה.

דער יחוס־שידוך, דאס הייסט דיא פאמיליע ראָסטאנד, האט ניט געוואָלט פיעל ווארטען, און נאכדעם וויא מען האט געפייערט א שעהנע פערלאָבונג, האט מיט 2 וואָכען שפעטער שטאטגעפונדען דיא חתונה אין א.

נינאָן האט אונגעהייער פיעל געליטען אין דער ערשטער צייט, נאָר זיא האט איהר שמערץ בעהאלטען. זיא פלעגט אָבזיצען שטונדען־לאנג און טראכטען.

וואס האט זיא געטראכט?

זיא האט געטראכט, וויא אלע פרויען פון איהר גראד און אומשטענדען, וויא זיך נוקם צו זיין אָן דעם מאַן וואס האט געשטערט איהר גליק.

דיא טעג האבען אָנגעהויבען צו ווערען הייסער און דיא נעכט שטיקענדער. דיא פאמיליע ראָסטאנד האט בעשלאָסען ארויס צו פאָהרען נאך לאַ בלאנקארד, און זיך אָבקיהלען בייא דיא קאלטע וועללען פון דעם ים.

„אך, נינאָן, מיין קינד," האט מאַדאַם ראָסטאַנד געזאָגט זיפצענדיג צו איהר שווינער־טאָכטער. „פאַריאָהרען צו דיעזער צייט, האבען מיר דאָ, אין לאַ בלאַנקארד, געהאט א יונגעס מעדכען, כמעט אין דיא יאָהרען פון פערנאַנד'ן. זיא איז געווען יונג, מונטער און וואונדער־שעהן. נאַטירליך, זעהר אונגעבילדעט און גראָב וויא א דאָרפס־מיידעל. אָבער דאָך האט זיא געהאט איין עדעלעס הערץ. מיר האבען ביידע געוואָהנט דעם שרעקליכען טויט פון איהר פאטער, און, וויא עס שיינט, האט דאס זיא זעהר גערגערט, און מיט דעם אנפאַנג פריהלינג איז זיא געשטאָרבען. מיין פערנאַנד איז אפילו מיט איהר צוזאַמען אויפגעצויגען געוואָרען, אָבער דאָך איז ער געווען צו איהר זעהר אונפריינדליך. איך וועל עס מיר קיינמאל ניט קענען פער־צייהען, דערפאַר וואס איך האב איהם ערלויבט מיט איהר אומצוגעהן אזוי הארט. יעטצט איז זיא שוין מעהר נישטאָ. זעהסטו דאָרט ארונטער ביים פוס פון דעם גרויען פעלזען? דאָרט רוהט דיא ארמע נאַיז. אזוי יונג און אזוי אונגליקליך גע־שטאָרבען. אוים מיטלייד האלטען מיר נאָך איהר עובר־בטל'דיגע מוטער דאָ אין לאַ בלאַנקארד. זיא וואָהנט דאָרט אין שטיבעל."

נינאָן האט אויפגעהויבען איהרע אויגען צו איהר שוויגער־מוטער און דאַן געשוויעגען. זיא האט זעלטען געמאַכט א בעמערקונג.

דאס נייע גוט וואס מאָנסיע ראָסטאַנד האט געקויפט נעבען לאַ בלאַנקארד, האט שוין געמוזט האבען א ספעציעלען פערוואַלטער, און דערצו א מענש מיט בילדונג און פעהיגקייטען. אויף דער רעקאָמענדאציאָן פון נינאָן'ס פאטער, האט ער צוגענומען זיין נעפע, א געוויסען מאָנסיע בלאַנשארד, א יונגערמאַן וואס האט גע־נאָסען א קאָמערציעלע שולע.

בלאַנשארד האט שוין איבערגענומען צו פערוואַלטען אויך לאַ בלאַנקארד.

ווען מאָנסיע ראָסטאַנד איז ערשיענען אין זיין זומער־וואָהנונג, האט ער געשיקט רופען זיין נייעם פערוואַלטער, אום צו הערען וויא עס געהט אויף זיין גוט.

בלאַנשארד איז געווען א יונגערמאַן פון א יאָהר 25; אויך מיט א בלייכעס געזיכט וויא פערנאַנד, אָבער מיט דעם איינציגען אונטערשיעד, וואס פערנאַנד'ס געזיכט איז געווען בלייך פון צופיעל לומפערייא, און בלאַנשארד האט געהאט אזא געזיכט פון פיעל שטודירען אין דיא געשטאָקטע צימערן פון דער שטאָדט.

נאכדעם וויא ער האט אָבגעגעבען א גינסטיגען בעריכט, האט מאָנסיע ראָסטאַנד צו איהם געזאָגט:

„אייער קוזינע, און שווינער־טאָכטער, איז דאָ, ווען איהר ווילט, קענט איהר זיך מיט איהר זעהען.“

בלאַנשארד׳ס געזיכט איז בייא דיזע ווערטער רויט געוואָרען און גע־ענטפערט:

„ווירקליך? זיא איז דאָ? דאַן וועל איך זיא זעהען. איך האב זיא מאקי אויסצופרעגען וויא עס געהט אין דער היים.“

— — — — — — — — — —

דיא פאַמיליע ראָסטאַנד האט שוין געוואָהנט דעם גאַנצען מאָנאט יולי אין לא בלאַנקארד, און פערנאַנד האט זיך זעהר פיעל בעשעפטיגט אין געהען כאַפּען פיש און שיסען רעב־היהנער.

נינאָן האט אויסגעזעהען אויסצומיידען דיא געזעלשאַפט פון איהר שווינער־מוטער און אויך פון איהר מאַן. ווען עס איז איהר נאָר מעגליך געווען צו בלייבען אליין, איז זיא געזעסען בעשעפטיגט ענטוועדער בייא איין ארבייט אָדער אין לעזען א בוך.

אבענד, ווען פערנאַנד איז געווען אויף׳ן ים בעשעפטיגט מיט זיין פערגניגען פון פיש כאפּען, איז זיא זעהר אָפט ארויס געגאַנגען שפּאַציערען, אָבער אימער אליין. פאר איהר שווינער־מוטער האט זיא געזאגט, אז זיא שפּאַצירט ארום הויז, אום צו ערוואַרטען פערנאַנד׳ן, אָבער זיא האט אימער ווייטער אַוועק געוואַנדערט צווישען דיא פעלזען.

אין א פאַרנאַכט, ווען פערנאַנד האט זיך געפונען אויף׳ן ים, איז ענטשטאַנדען א שטורם. ער האט געהייסען זיין בעגלייטער רודערן צוריק צום ברעג, אָבער דער ווינט איז געוואָרען זעהר העפטיג, און אנשטאט צו אַנקערן געגענאיבער לא בלאַנקארד, איז דאס שיפעל צוגעקומען צו א ברעג, וואס איז געווען א היבשע שטרעקע דערווייטערט פון דאָרט.

פערנאַנד איז ארונטער געגאַנגען און אָנגעפאַנגען צו שפּאַצירען אהיים. דער הימעל איז געווען אויסגעשטערענט, אָבער דיא לבנה איז נאָך ניט אויפגעגאַנגען. פערנאַנד האט בעדאַרפט פאַרבייגעהן נעבען דעם בית־עלמין, וואו פאַטער ניקאָלין און זיין טאָכטער זיינען געווען בעערדיגט.

ער איז ניט געווען שטאַרק צופריעדען דערפון, נאָר ער האט קיין אַנדערן אויסוועג ניט געהאט.

וויא יעדער פיינלינג, וואס ציטערט פאר זיין אייגענעם שאטען, האט ער בע־

שלאָסען ניט צו קוקען אויף דעם בית־עלמין מיט דיא אונרעגעלמעסיגע שטיינער וואס זיינען דאָרט געשטאַנען און בעצייכענט דיא בעערדיגונגס־פּלעטצער.

אָבער טראָטץ זיין ענטשלוס, האט ער דאָך אויפגעהויבען זיינע אויגען און א קוק געגעבען, ווען ער איז צוגעקומען גאנץ נאָהענט.

פערנאנד'ס בלוט איז פערגליווערט געוואָרען אין זיינע אָדערן פון דעם בילד וואס ער האט געזעהען. מיט א 20 שריט ווייטער פון איהם, האט זיך פּלוצלינג אויפגעהויבען א פרויען־געשטאַלט פון הינטער א שטיין. דיא פרוי איז געווען אין ווייסען געקליידעט, און ווען זיא האט זיך אויפגעהויבען, האט זיא ארויס געלאָזען איין אונמערדריקטען געשרייא.

באלד נאכדעם איז אויך ערשיענען א מענער־געשטאַלט און צוגעשוועבט צו דער פרוי אין ווייסען.ביידע צוזאַמען זיינען באלד פערשוואונדען געוואָרען אין דער טיעפער דונקעלהייט פון דער נאכט.

פערנאנד איז געווען דערשראָקען, אָהנע צו וויסען דיא אורזאַכע פון זיין שרעק. ער האט געציטערט פון קאָפּ ביז פיס, און זיך געוואונשען יעמאנד זאָל איהם פון דאָרט אהיים טראָגען.

א קאַלטער שווייס האט בעשלאָגען זיין קערפּער, נאָר ווען עס איז שטיל געוואָרען ארום איהם, האט ער זיך זעלבסט געשימפּפט און געמאכט פאָרווירפע, אז ער איז א דומקאָפּף און שרעקט זיך פאר גאר ניט.

ער האט זיך זעהר אָנגעשטרענגט, אום ווייטער צו געהען, אָבער זיינע פיס זיינען געווען וויא אונטערגעהאקט. עס האט געדויערט א היבשע צייט ביז ער איז אהיים געקומען בלאַס וויא א טויטער פאר שרעק.

נינאָן האט איהם בעגעגענט בייא דער טהיר, און מיט א רוהיגען טאָן, האט זיא איהם געפרעגט ווארום ער האט צוריק געקעהרט אזוי פריה. ער האט איהר ערקלערט דיא אורזאכע און איז באלד געגאנגען צו בעט.

— — — — — — — — — —

אויף'ן אנדערן טאָג האט בלאנשארד בעזוכט לא בלאנקארד און געהאט פאָלגענדע אונטעררעדונג מיט נינאָנען:

„האט ער דיך דערקענט?“ האט בלאנשארד געפרעגט.

„ניין.“

„וואו קומט ער אהין?“

„ער האט צוריק געקעהרט זעהר פריה פון דעם ים, און עס איז איהם אויפגעקומען דורך יענער געגענד אהיים צו קומען.“

„וויא אזוי ווייסטו דאס?“

„ער האט עס מיר דערצעהלט. ווען ער איז אהיים געקומען, בין איך שוין פריהער דארט געוועזען מיט א גוטער האלבע שטונדע. דער דומקאפ האט גערע־כענט, אז ער האט געזעהן זיינע בייזע גייסטער. ער האט עס מיר דערצעהלט בייא נאכט.“

„דער הארבאטער אנטאן איז וויעדער בייא מיר געוועזען.“

„ווירקליך?“

„יא, ער האט מיר אויך דערצעהלט דיעזעלבע געשיכטע וויא דיר. יא, דיא ארמע נאיז איז דורך איהם געשטארבען.“

נינאן האט אייניגע אוינענבליקען נאכגעדענקט, דאן האט זיא בעמערקט:

„אזוי בלייבט עס. איך מוז נאך אבווארטען ביז דער אלטער ראסטאנד וועט ענדיגען מיט מיין פאטער וועגען געלד, און דאן שלאג איך מיט איהם כפרות.... אונטערדעסען, וועלען מיר זיך ווייטער בעגעגענען אויף'ן בית־עלמין בייא נאכט, זא שנעל וויא איך וועל נאר זיין פרייא.“

**ע נ ד ע.**

# מעטהאדעס פיר קינדער:

## צו לערנען פון אנפאנגס אלף־בית

**וואנט אלף־בית,** באותיות גדולות מאד, סייז 28 בייא 44, פיין געדרוקט אויף לייב־וואנד פון דיא שעהנסטע אונד גרעסטע ווילנער שריפט מיט נקודות, זא דאס יעדעס קינד קען זעהען יעדע נקודה זאגאר פון דער וויטענס, גוט פיר חדרים און סקולס..........50

**דברי הימים לעם בני־ישראל,** מאת זאב יעבץ, ענטהאלט דיא גאנצע אידישע היסטאריע, פון דער צייט וואס אידען האבען אנגעפאנגען צו עקזיסטירען ביז היינטיגען טאג, אין א גוטער העברעאישער שפראך. יעדער פאטער דארף אנזאגען דעם רבי'ן פון זיין קינד, אז ער זאלל מיט איהם לערנען דעם „דברי הימים לעם בני ישראל" ווייל דאס קינד קען פון דעם דאפעל נוטצען ציהען. דאס ערשטע לערענט ער דיא העברעאישע שפראך, און דאס צווייטע, ווערט ער דאדורך בעקאנט מיט דער געשיכטע פון זיין פאלק, וואס דאס איז זעהער בעטהיג פיר א קינד..........15

**דרך אמונה,** מאת דוב אריה פריעדמאן, דאס איז א קצור שלחן ערוך מיט נקודות פיר סקול קינדער..........15

**למדו היטב,** א לייכטע מעטהאדע פיר יעדען פאטער און מלמד צו אונטערריכטען קינדער פון אנפאנג אלף־בית, פון מ. פיק..........5

**למודי הקריאה,** א מעטהאדע פיר קינדער צו לערנען העברעאיש מיט ענגלישער איבערזעטצונג, פון ר. לאסקער..........10

**מקרא קדש,** מאת דוב אריה פריעדמאן, א מעטהאדע צו אונטערריכטען קינדער פון אנפאנג אלף־בית..........10

**המתחיל,** מאת א. לוריא וב. טעמקין, א מעטהאדע פיר קינדער צו לערנען לעזען און שרייבען העברעאיש, מיט 150 בילדער וועלכע פעראינטערעסירען דיא קינדער צו וועלען לערנען און וויסען..........15

**הפדגוג העברי,** מאת דוב אריה פריעדמאן, א מעטהאדע צו לערנען העברעאיש און דיא העברעאישע גראמאטיק מיט ענגלישער איבערזעצונג..........15

**שפה חיה,** מאת פסח ליב פישמאן ומנחם מענדיל ליעבערמאן, א מעטהאדע פיר קינדער צו לערנען העברעאיש, מיט 200 בילדער. דער „שפה חיה" איז געמאכט געווארען אויף דעם זעלבען ארט וויא דיא נייעסטע ענגלישע און דייטשע לעזע ביכער, מיט שעהנע איללוסטרירטע בילדער. יעדער בילד שטעלט פאר דעם אינהאלט פון ווארט און זאץ, וואס דאדורך האט דאס קינד שטארק חשק צו לערנען לעזען, און פערשטעהט גאנץ אליין דיא בעדייטונג דערפון. — דער „ש פ ה ח י ה" לערענט דאס קינד שטופען־וויז פון אנפאנג אלף־בית ביז לעזען, פון לעזען ביז פערטייטשען ווערטער, פון ווערטער ביז פערשטעהן גאנצע זעצע, אונד אזוי וויטער ביז ער פערשטעהט גוט דיא העברעאישע שפראך..15

**תולדות ישרון** מאת דוב אריה פריעדמאן, דיא גאנצע געשיכטע פון אדם הראשון ביז דעם בנין בית השני אין העברעאיש מיט ענגלישער איבערזעצונג, ווען א קינד האט דורגעמאכט דעם „תולדות ישרון" איז ער פאלקאמען בעקאנט מיט דער אידישער געשיכטע וואס דאס איז זעהר נאטהווענדיג פיר איין אידיש קינד..........15

# מעטהאדעס צו לערנען, לעזען, רעדען און שרייבען ענגליש:

אלענדארפ׳ס מעטהאדע, פון אַלכסנדר האַרקאַווי, אַ ניצליכער בוך זיך גרינדליך אויסצולערנען דיא ענגלישע שפּראך אָהן אַ לעהרער. „אלענדאָרפ׳ס מעטהאדע״ איז אויף אזאַ אַרט דאס דיא שפּראך איז אײנגעטהײלט אין 78 לעקציאָנען, און יעדער לעקציאָן קומען פּאר ווערטער, געשפּרעך און גראמאטישע רעגעלען. פאַר דיא לעקציאָנען קומט אַ בעזונדערע אבטהײלונג צו לערנען זיך לעזען און ספּעלען, אום דיא ווערטער און גראמאַטישע רעגעלען זאללען מעהר פערשטארקט ווערען אין דיא געדאנקען, ווערען אַם ענדע פון יעדער לעקציאָן געגעבען שטיקער לעזע־שטאָף צום איבערזעצען. דיא זעטצע פון דיא שטיקער לעזע־שטאָף זײנען צוזאַמענגעשטעלט פון דיא ווערטער, וואס זײנען פריהער פאָרגעקומען, און דער לערלינג וועט זייא קענען לייכט איבערזעטצען. יעדע שטיק לעזע־שטאָף טראגט איין נומער. צום לעהר־בוך קומט אַ בעזונדער בוך, אַ שליסעל וואס ענטהאלט דיא ריכטיגע איבערזעטצונג פון יעדען זאטץ. דיא איבערזעטצונגען זײנען בעצייכענט מיט דיעזעלבע נומערן ווי דיא שטיקער לעזע־שטאף בייא דיא לעקציאָנען. דער שילער קען אַלזא מיט׳ן שליסעל אבשטימען אויב זיין איבערזעטצונג איז ריכטיג אדער ניט. דאס בוך ענטהאלט 600 זייטען אין גרויסען פארמאַט און עלעגאנט געבונדען.......... .......... 1.00

אַמעריקאַנישער לעהרער אַ פּראקטישעס לעהר־ביכעל אין טאשען פארמאט פיר יעדען אײנגעוואנדערטען אידען וואָס וויל קענען ענגליש און ווערען בעקאנט מיט אמעריקא, פון אלכסנדר הארקאַווי, פיין בראָשירט.......... 20

אמעריקאנישער לעהרער, דיטא, פיין געבונדען.......... 25

יודיש־אמעריקאנישע שוהלע פון אלכסנדר האַרקאווי אַ פּראקטישעס לעהר־בוך פיר אידען אין אַמעריקאַ צום לערנען ענגליש, יודיש אונד רעכענען אין 3 אבטהײלונגען, ערשטער טהייל לערענט לעזען, רעדען און שרייבען ענגליש, צווייטער טהייל לערענט וויא צו שרייבען אידיש אהנע גרייזען. דריטער טהייל און דער וויכטיגסטער טהייל פון דיא יודיש־אמעריקאנישע שוהלע איז רעכענען וועלכע אידען האבען ביז יעצט ניט געהאט איהר געפינט אין דעם אלע רעכענונגען מיט איבונגען פון צוזאמענציהען, ביז ברוכצאהלען, פּראצענט און דיסקאונט. פיין געבונדען.......... .......... 25

נייעסטע ענגלישע מעטהאדע בעארבייטעט נאך דר. אהנ׳ס דאלמעטשער איז אײנגעטהײלט אין 3 אבטהײלונגען, זיא פאַנגט זיך אָן פון איי, בי, סי אונד ענדיגט זיך מיט דער פאלקאמענער קענטניס פון דער ענגלישער שפּראַך און דערבײ איז זי אזוי קינסטליך צוזאמענגעשטעלט, דאָס יעדער אײנציגער קען גאַנץ לייכט אין אַ קורצער צייט ערלערנען פאָלקאָמען דיא ענגלישע שפּראַך, וויא עס איז נעטהיג אין לעבען. פיין בראָשירט.......... 25

נייעסטע ענגלישע מעטהאָדע, דיטאָ, פיין געבונדען.......... 35

ענגלישער אלף־בית, פון אַלכסנדר האַרקאַווי, אַ ביכעל צום אויסלערנען זיך לעזען און שרייבען ענגליש.......... 5

ענגליש אין אַמעריקאַ, פון אַלכסנדר האַרקאַווי, אַ בוך צו ערלערנען דיא ענגלישע שפּראַך אָהן אַ לעהרער מיט אַ קליינעם אידיש־ענגלישען ווערטערבוך, פיין בראָשירט.......... 25

ענגליש אין אַמעריקאַ, דיטאָ, פיין געבונדען.......... 35

ענגלישער לעהר־בוך, פון אַלכסנדר האַרקאַווי, איז אַ פּראַקטישעס לעהר־בוך פיר יעדען אײנגעוואַנדערטען אידען, זיך לייכט אויסצולערנען לעזען, רעדען און שרייבען דיא ענגלישע שפּראַך פאָלקאָמען.......... 15

ענגלישער לעהרער. אַ לעהר־בוך זיך אויס צו לערנען ריכטיג לעזען, רעדען און שרייבען ענגליש, אין פינף אַבטהיילונגען. ערשטער טהייל לערענט דיא רעגלען פון לעזען, צווייטער טהייל ענטהאַלט 2.500 ענגלישע ווערטער וועלכע זיינען איבערזעצט אין אידיש וויא דער וואָרט לעזט זיך און דיא בעדייטונג פון וואָרט, דריטער טהייל, פערשיעדענע פּראָזען און געשפּרעכע, פיערטער טהייל ענגלישע געשריעבענע בוכשטאַבען גרויסע און קליינע האַנד זיך צו לערנען שרייבען ענגליש, פינפטער טהייל, דיא ענגלישע גראַמאַטיק, דיא כללים פון דער ענגלישער שפּראַך וויא עס דאַרף ווערען געשפּראָכען און געשריעבען, פון אַלכסנדר האַר־קאַווי, פיין געבונדען ........................................ 30

ענגלישער לעהרער, דיטאָ, פיין געבונדען ........................................ 40

ענגליש־רוסישע מעטהאָדע, (אוטשעבניק אַנגליסקאַוואָ יאַזיקאַ) פון אַלכסנדר האַרקאַווי, צו ערלערנען פון רוסיש דיא ענגלישע שפּראַך, פיין געבונדען ........................................ 35

קראַנץ'ס ענגלישע מעטהאָדע, צוזאַמענגעשטעלט נאָך דיא בעסטע שפּראַך־מעטהאָדען און לעהר־ביכער אין 28 לעקציאָנען, אַז יעדער איינער זאָל אין אַ קורצע צייט קענען אויסלערנען לעזען, שרייבען און רעדען ענגליש, פיין געבונדען ........................................ 75

תורת לשון אנגלי, פון אַלכסנדר האַרקאַווי, אַ ענגליש־העברעאישע מעטהאָדע צו לערנען פון העברעאיש דיא ענגלישע שפּראַך ........................................ 25

---

# בריעפענשטעלערס

## צו לערנען ענגלישע בריעף שרייבען.

האַרקאַווי'ס אַמעריקאַנישער בריעפענשטעלער אונד ספּעלער, ענגליש און יודיש, ענטהאַלט געשעפטס־בריעף, פאַמיליען־בריעף, ליעבעס־בריעף, נאַכפראַגען, טעלעגראַמען צו געבורטס־טעג און חתונות, אויך רעגעלן צום לעזען, און אַ בעזונדערע אַבטהיילונג צו לערנען שרייבען, פיין בראָשירט ........................................ 30

האַרקאַווי'ס אַמעריקאַנישער בריעפענשטעלער אונד ספּעלער, דיטאָ, פיין געבונדען ........................................ 40

האַרקאַווי'ס נייער פאָלשטענדיגער אַמעריקאַנישער בריעפענשטעלער, ענגליש און יודיש, אין 4 טהיילען און 416 זייטען, ענטהאַלט געשעפטס־בריעף, פאַמיליען־בריעף, ליעבעס־בריעף, נאַכפראַגען, טעלעגראַמען צו געבורטס־טעג און חתונות, ידיעות פון פּאָסט, אייזענבאַהן און טעלעגראַף, סטאַטיסטיק און פערשיעדענע אַנדערע וויכטיגע זאַכען, אויך רעגעלן צו לעזען, און אַ בעזונדערע אַבטהיילונג צו לערנען שרייבען, מיט אַ ביי־לאַגע בוכהאַלטונג פיר יודען וויא צו פיהרען ביכער, שרייבען קאָנטראַקטען און אַללע געשעפטליכע קאָררעס־פּאָנדענץ. דאָס איז דיא נייעסטע ניצליכסטע ווערק פיר אַללע אידען אין אַמעריקאַ, וועלכע ווילען קענען ענגליש און שרייבען ענגלישע בריעף ריכטיג אָהן פעהלערן, דיזער נייער פאָל־שטענדיגער „אַמעריקאַנישער בריעפענשטעלער" איז אויך אַ פּראַקטישע ענציקלאָפּעדיע ווייל עס ענטהאַלטעט אַללע אַרטיקלען וועלכע זיינען ניצליך אין טעגליכען לעבען, אַללעס איז אין ענגליש מיט אידיש איבערזעצט. דיזער נייער פאָלשטענדיגער אַמעריקאַנישער בריעפענשטעלער איז זעהר שעהן געדרוקט אויף גוטעס פּאַפּיער, גרויסער פאָרמאַט און עלעגאַנט געבונדען ........................................ 1.00

ווארן׳ס פאלשטענדיגער ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער, העדר ווארן איז דער בעריהמטעסטער ענגלענדער אין דיא קונסט פון קארעספאנדירען און זיין ענגלישער בריעפענ־שטעלער שטעהט אויף דיא העכסטע שטופע אין דער ענגלישער ליטעראטור, מיר האבען דעם זעלבען בריעפענשטעלער גלאזט איבערזעטצען פון דיא בעסטע יודישע פעדערס, און ער ענטהאלט 250 ענגלישע בריעפע מיט יודישער איבערזעטצונג, פיין געבונדען.........75

פריינקעל׳ס ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער ענטהאלט איין אויסוואהל פון ליעבעס־בריעף, פאמיליע און פריינדשאפטס־בריעף, געשעפטס־בריעף און רעקאמענדאציאנס בריעף....25

# ווערטערביכער.

ענגליש־יודישעס טאשען־ווערטערבוך, פון אלכסנדר הארקאווי, ענטהאלט 25.000 ענגלישע ווערטער נאך דעם איי—בי—סי מיט זייער אויסשפראכע און זייער פערטייטשונג אין יודיש, פיין געבונדען אין קלאטה־באנד.........................40

ענגליש־יודישעס ווערטערבוך, דיטא, פיין געבונדען אין לעדער באנד........60

ענגליש־יודישעס האנד ווערטערבוך, פון אלכסנדר הארקאווי, ענטהאלט צוויי פיעל ענגלישע ווערטער מיט יודישער איבערזעטצונג וויא דער טאשען־ווערטערבוך, אונד איז געדרוקט אויף פערטיל סייז מיט גרעסערע בוכשטאבען, פיין געבונדען אין קלאטה באנד...75

פאלשטענדיגעס ענגליש־יודישעס ווערטערבוך פון אלכסנדר הארקאווי, ענטהאלט אללע ענגלישע ווערטער נאכ׳ן איי—בי—סי, מיט זייער אויסשפראכע און זייער פערטייטשונג אין יודיש, 760 זייטען אין גרויסען פארמאט, געדרוקט אויף שעהנעם פאפיער און עלעגאנט געבונדען.........................2.25

פאלשטענדיגעס יודיש־ענגלישעס ווערטערבוך, פון אלכסנדר הארקאווי, ענטהאלט אללע יודישע ווערטער נאכ׳ן אלף־בית מיט דיא ענגלישע ווערטער בייא דער זייט, אויסצוגעפינען דורך יודיש ענגלישע ווערטער צו רעדען און שרייבען, אין גרויסען פארמאט, געדרוקט אויף שעהנעם פאפיער און עלעגאנט געבונדען.........................2.00

פאלשטענדיגעס ענגליש־יודישעס אונד יודיש־ענגלישעס ווערטערבוך צוזאמען אין איין באנד געבונדען.........................4.00

# תמונות (בילדער) גדולות וקטנות.

אברבנאל, יצחק כרמיה, מאנטיפיארע, באראן ראטהשילד ובאראן הירש ביחד על תמונה אחת (אויל בילד) סייז 16 ביי 21.........................20

אחשורוש ואסתר עם שרביט הזהב (אויל בילד) סייז 15 ביי 20.........20

באראן הירש עם משה מאנטעפיארע על תמונת אחת (אויל בילד) סייז 16 ביי 21..15

באראן ראטהשילד מפאריז (אויל בילד) סייז 16 ביי 21.........15

בית הכנסת באלכסנדריא של מצרים, סייז 24 ביי 30.........25

בית המקדש הראשון, פארמאט גדול, סייז 24 ביי 30.........25

בר מצוה, א קאלירטעס בילד אין פערשיעדענע פארבען וועלכע שטעלט פאר וויא א פאטער לערענט זיין קינד תפילין לייגען, סייז 16 ביי 20............15

ברכת הורים בערב יום הכיפורים, סייז 18 ביי 24............15

ברכת הורים בערב יום כפור (אויל בילד) סייז 16 ביי 24............25

גאוני ישראל, כל הגאונים על תמונה אחת, סייז 20 ביי 25............15

גאוני וגדולי ישראל על תמונה אחת (אויל בילד) סייז 16 ביי 21............20

דר. טהעאדאר הערצל, סייז 20 ביי 25............15

דרייפוס און זיינע פערטהיידיגער, סייז 12 ביי 15............5

ווילנער גאון רבינו אליהו מווילנא, סייז 15 ביי 20............10

ווילנער גאון עם הטלית ותפילין, (אויל בילד) סייז 15 ביי 20............20

יאהרצייט טאבעלע עם ציורים נויארק, סייז 17 ביי 22............15

יאהרצייט טאבעלע עם ציורים דפוס וויען, סייז 22 ביי 25............15

יאהרצייט טאבעלע לאב עם ציורים שונים, עקסטרא פיינע ארבייט, סייז 13 ביי 17..15

יאהרצייט טאבעלע הנ"ל לאם............15

יאהרצייט טאבעלע הנ"ל לאב ולאם ביחד............15

ר' יצחק אלחנן ז"ל מקאוונא, סייז 15 ביי 20............10

ר' יצחק אלחנן ז"ל מקאוונא (אויל בילד) סייז 15 ביי 20............20

מזרח יפה ומוזהב, וויען, סייז 15 ביי 20............15

מזרח עם מפת ארץ ישראל טוב ויפה מאד, סייז 20 ביי 25............20

מוקדי עולם (זשידאווקא 2) (אויל בילד) סייז 15 ביי 20............20

משה מאנטעפיארע באותיות וסביב תמונת המלכים אשר בקר בהיכליהם, סייז 22 ביי 27............25

משה מאנטעפיארע באותיות וכביב תמונת גאוני ישראל, סייז 22 ביי 27............25

נר חנוכה (אויל בילד) סייז 15 ביי 20............20

הסדר בליל חג המצות (זשידאווקא 1) אויל בילד, סייז 15 ביי 20............20

סדר של פסח, א קאלירטעס בילד אין פערשיעדענע פארבען, וועלכעס שטעלט פאר פסח אבענד ביי'ם סדר אין א אידישע פאמיליע, סייז 16 ביי 20............10

עבודת יום הכיפורים בפלעוונא, סייז 24 ביי 30............25

פאנאראמא מארץ ישראל (אויל בילד) סייז 18 ביי 24............25

ציוניסטישער קאנגרעס אין באזעל, סייז 22 ביי 25 ........................ 5
רב הכולל דנויארק, סייז 17 ביי 21 ........................ 0
שלמה המלך׳ס משפט, סייז 24 ביי 30 ........................ 5
ר׳ שמיאל מאהילעווער ז״ל מביאליסטאק, סייז 15 בייא 20 ........................ 10
תמונת עיר הקדש עם בית המקדש, סייז 20 ביי 25 ........................ 25
תקיעת שופר (אויל בילד) סייז 15 ביי 20 ........................ 20

---

# ראמאנען מיט נקודות

## געדרוקט אין רוסלאנד.

איד און גרעפין, א ראמאן אין 4 טהייל, פון ב. מ. שייקעוויטש........................
אונגליקליכע מרים, 2 טהייל, טרובניק........................
אונגעטרייער חתן, 3 טהייל, שמ״ר........................
אוצר אדער קאטער גזלן, שמ״ר........................
גר צדק, א ראמאן אין 4 טהייל, פון א. טאנענבוים........................
געטויפטער יוד, א ראמאן אין 4 טהייל, פון א. טאנענבוים........................ 5
דזשענטעלמאן, א ראמאן פון ב. מ. שייקעוויטש........................ 60
חתן דמים, שמ״ר........................ 80
יודישע ציגיינערין, א ראמאן אין 4 טהייל, פון ש. לעדערער........................ 50
לאה׳לע, א ראמאן אין 4 טהייל, פון א. טאנענבוים........................ 60
לעצטער אידישער קרבן........................ 25
לעצטער אידישער קעניג, שמ״ר........................ 40
נייע וועלט, א ראמאן אין 4 טהייל, פון ב. מ. שייקעוויטש (שמ״ר)........................ 50
עווגעניע, א. מ. דיק........................ 25
פרעזידענט, א ראמאן אין 4 טהייל פון ב. מ. שייקעוויטש........................ 60
פערקערטע וועלט, א ראמאן אין 4 טהייל, פון ב. מ. שייקעוויטש (שמ״ר)........................ 50
א פונק אידישקייט, א ראמאן אין 4 טהייל, פון ב. מ. שייקעוויטש........................ 50
ציגיינער, אדער ראבע פון א באנדיט, א ראמאן אין 4 טהייל, פון ש. לעדערער........................ 60
קאטערזניק׳ס טאכטער, א ראמאן אין 4 טהייל, פון דר. מאירסאן........................ 60
רייזעלע׳ס חטאים, א ראמאן פון דר. מאירסאן........................ 75
שרעקליכער פערברעכער, א ראמאן אין 4 טהייל פון ש. לעדערער........................ 50
שרה׳לע ארענשטיין, א ראמאן אין 4 טהייל, פון א. טאנענבוים........................ 75
שווארצער יונגערמאנטשיק, דינענזאהן........................ 25